# לידער פון ה. לייוויק

ארויסגעגעבן פון פארלאג אינזעל
הויפטפארקויף: ליטעראַרישער פארלאג · ניו יארק

## ערגעץ ווייט.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע,
זילבריג בלאָהען די בערג
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע;
ערגעץ טיעף, ערגעץ טיעף,
אין דער ערד איינגעקנאָטענע,
ווארטען אוצרות אויף אונז,
ווארטען אוצרות פארשאָטענע.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט אליין א געפאנגענער,
אויף זיין קאָפ שטארבט דער שיין
פון דער זון דער פארגאנגענער;
ערגעץ וואָגעלט ווער אום
טיעף אין שניי א פארשאָטענער,
און געפינט ניט קיין וועג
צו דער לאַנד דער פארבאָטענער...

# אין אַ שטיבעל.

אַ שטיבעל אַ קליינס און אַ נידעריגס
אין ווייטען געפראָרענעם לאנד;
אין שטיבעל צוויי מענשען דערשראָקענע
זיי זיצען און וואַרטען געשפּאַנט.

און איינע אַ פרוי אַ געווינערין
געהט אוים פון געשריי צו געשריי;
ווערט רוהיג און שטיל די געווינערין —
פאַרברעכען די פינגער די צוויי.

אין דרויסען — אַ שניי און אַ פינסטערניש
אַ שטילער אַ נאָגענדער ווינד;
דורך טרויער מוז קומען, דורך וועהטאָגען
'אָם נייע ערוואַרטעטע קינד.

עס האָבען די ווייזערם פון זייגער נאָך
די עכסטע מינוט ניט דערגרייכט;
עס האָט נאָך די מוטער איהר אטעם־צוג
דעם לעצטען נאָך ניט אויסגעהויכט.

און פּלוצלונג צוזייט זיך די פינסטערניש,
אַ קלאָהרער באַווייזט זיך דער שניי.
אין שטיבעל צוויי מענשען דערשראָקענע
דערהערען אַ קינדיש־געשריי...

# אין אַ זיידען העמדעל.

אין אַ זיידען העמדעל
איז דאָס קינד געבאָרען —
איז דאָס זיידען העמדעל
שוין צופליקט געוואָרען.

פרעמדע הענט איהם באָדען,
פרעמדע בריסט איהם זויגען;
טונקעלער און קאַלטער
ווערען זיינע אויגען.

אין דער נאכט אין מיטען
טוט איהם קיינער וויגען, —
וויינט דאָס קינד און שרעקט זיך
און עס ווערט אנשוויגען.

שלאָפט די פרעמדע מוטער
פון דעם קינד פון ווייטען:
— „גאנצע נעכט איך וויעג איהם" —
ריהמט זי זיך פאר לייטען.

נאָר דאָס קינד עס וואקסט זיך,
הערט שוין אויף צו זויגען,
ליכטיגער און קלערער
ווערען זיינע אויגען.

ווינשט איהם יעדער גערן
גליק און לאנגע יאָהרען, —
אין א זיידען העמדעל
איז דאָס קינד געבאָרען..

# איינגעלוויים.

אַך איינגעלוויים, ווען אַלע קינדער האַלטען זיך אין שפּיעלען,
האָב איך מיך פאַר אַ גרויסען שוין געהאַלטען,
געלעבט מיט זיך אַליין, מיט מענשען פון דערווייטען,
אַזוי ווי עפּעס וואָס פון אַלעמען באַהאַלטען.

איך האָב שוין דאַן געזעהן, ווי מענשען ליידען־שווייגען —
האָב איך דעם שווייגען זייערען אין זיך פאַרנומען,
און עפּעס פאַרגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטער עלטער,
עפּעס גרויסעס, וואונדערליכעס וועט פון ליידען קומען...

און איך דער ערשטער וועל דערזעהן דאָס וואונדערליכעס, גרויסעס,
און מעהר פון מענשען שוין ניט קענען עס פאַרבאָרגען;
פון טיר צו טיר, פון שויב צו שויב וועל איך זיך לאָזען קלאַפּען
און אָנזאָגען דעם ליכטיגען פריהמאָרגען...

איך וויים ניט ווער, עס האָט מיך אויסדערוועהלט פון אַלע,
און פרעמד, פאַרשעמט, פון אַלעמען דערווייטערט;
אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ האָב איך, פאַר גוט עס אָנגענומען,
מיין יוגענד אין ערוואַרטונגען געלייטערט...

# דער בייזער טאַטע.

קינדער טומלען,
און דער בייזער טאַטע שלאָגט זיי,
קינדער וויינען,
קינדער ווערען מיעד און שלאָפען,
און דער בייזער טאַטע — שלאָפט ניט.

איינגעבויגען
זיצט ביים טיש דער בייזער טאַטע.
דורך די שויבען
קריכט דער ווינד און לעשט דאָס לעמפעל
און דאָס לעמפעל ווערט פאַרלאָשען.

איך שלאָף אויך ניט,
איך — דער שטילסטער פון די קינדער,
אויף מיין פנים
פיהל איך נאָך דעם טאַטענס פינגער,
וויין איך שטיל פאַר זיך אין קישען...

פלוצלונג הער איך
אזא הילכיג־שווערען אַטעם;
עמיץ פויזעט,
טאַפּט מיט פינגער אין דער פינסטער,
וויל איך שרייען — און איך קען ניט...

טו איך תפלה,
און די ציינער מיינע קלאַפּען
און עס העלפט ניט, —
לאָז איך איבער אַלע קינדער,
שפּרינג אַראָפּ און וויל אַנטלויפען.

אין דער פינסטער
טרעף איך ניט די טיר און בלאָנדזשע,
ווער געשטרויכעלט,
קלאַפּ זיך אָפּ און פאַל אַנידער
מיט׳ן קאָפּ אַנקעגען טאַטען...

איינגעבויגען
זיצט נאָך אַלץ דער בייזער טאַטע,
הערט קיין זאַך ניט...
זאָג איך: טאַטע, איך וועל שטאַרבען,
מעהר וועסטו שוין מיך ניט שלאָגען!...

ליכטלעך ברענען
אויף דער ערד ביי מיין צוקאָפּען...
קינדער וויינען...
קינדער ווערען מיעד און שלאָפען...
קלאָגט אַליין דער בייזער טאַטע...

# טעג — זיי געהען.

טעג זיי געהען, און מיט זיי
פארגעהען צער און שרעק;
אין לענדער ווייטע ווינטערדיגע
דער זומער געהט אוועק.

א ליכטיגקייט א טונקעלע
פארנעמט דעם הימעל־ברעג;
געבליבען נאך א בלאהליכקייט
פון זומערדיגע טעג.

א קאלטע א געלייטערטע
די זון קוקט פון דער הויך:
אז וואהל דעם ניי־געבארענעם,
דעם שטארבענדיגען אויך...

עס רופט פון ערגעץ ווייט זיך אפ
א שניידענדיגע זעג,
און טריט פון אנ׳אנטלאפענעם
פאריאגטען אין געיעג.

און וויינענדיג און טרייסטענדיג
געהט ווער דיר נאך און רופט,
און עפעס ווי א סטרונע ווערט
צוריסען אין דער לופט...

## אַזוי פיעל גליק.

טיעף אין הארץ — אַ ציטער,
מיט׳ן האַנד — אַ דריק,
דורכ׳ן לייב — אַ שוידער,
זעה: אַזוי פיעל גליק!

מיט׳ן קאָפּ — אַ שאָקעל,
מיט׳ן אויג — אַ בליק,
מיט׳ן מויל — אַ צוזאָג, —
זעה: אַזוי פיעל גליק!

אין אַ שויב אַ קלאַפּ טאָן,
און—אַ שפּרונג צוריק;
שטימען, טריט, און פייער...
זעה: אַזוי פיעל גליק...

## ס'וועט קיינער ניט ווערען גע'הרג'ט.

ס'וועט קיינער ניט ווערען גע'הרג'ט,
אין קריעג, אין געשלעגען, —
ווייל שטיל וועל איך קומען פון אלטע
פארגעסענע וועגען.

וועט קיינער ניט וויסען צו לאזען זיך
געהן מיר אנטקעגען ;
צופום וועל איך קומען אין קליידער
צואווייקטע פון רעגען.

וועט גאר נישט געשעהן און פאסירען
אין גאנג פון די צייטען,
ווען אלע דערזעהן וועלען פלוצלונג
מיין אויסזעהן זיך בייטען.

א מאך מיט'ן האנד וועל איך געבען,
צום ערד זיך פארנויגען, —
וועט יעדער דערפיהלען : עס ווערען
איהם אפען די אויגען.

און יעדער, אין פרייד און ערשטוינונג
און ציטער באנומען,
וועט קוים נאר א זאג טאן : א, זעהט נאר —
ער איז שוין געקומען...

## מ י י נ ס.

פון איין הויז ארויס, אין דער צווייטער אריין
און אומעדום וועל איך א גוטער גאַסט זיין.

ארויסגעהן — אַנ'אָפּענע לאָזען די טיר,
און נאָכקוקען קיינער א הינטער וועט מיר.

און יעדער וועט וויסען: ס'איז זיכער מיין טראָט;
א שטאָט וועל איך טרעפען — איז מיינע די שטאָט.

און וואָס איך וועל אָנטון וועט דאָס זיין מיין קלייד,
און וואָס איך וועל עסען וועט דאָס זיין מיין ברויט.

און ווען איך וועל קומען וועט קיינמאָל זיין שפּעט,
און וואו איך וועל שלאָפען איז דאָרטען מיין בעט...

# אין יעדענס האַרץ.

איך ווייס: אין יעדענס האַרץ איז דאָ
אַ ליכטיגקייט, אַ שיין;
אויף וועלכען שוועל דו זאָלסט ניט שטעהן —
קלאַפּ אָן און געה אריין.

און געהסט אריין, מען קוקט דיך אָן —
געדויערט עס ניט פיעל:
מען האָט נאָך דיר געבענקט שוין לאַנג,
געטרויערט אין דער שטיל.

מען האָט געמיינט: ביסט אין דער פרעמד
פאַרוואָרפען ערגעץ ווייט,
און ניט געוואוסט, אַז דו ביסט דאָ
געוועזן די גאַנצע צייט.

און ניט געוואוסט: ביסט יעדען טאָג
געגאַנגען פאַרביי זיי,
זיך איינגעהערט צו יעדענס וואָרט,
צו יעדענס אויסגעשריי.

האָסט נאָר געדאַרפט דער ערשטער זיין
אין הויז צו זיי אריין,
און אויפוועקען אין האַרץ ביי זיי
אַ ליכטיגקייט, אַ שיין....

## זייט טרויעריג, מענשען.

אויף אַלע געזיכטען — מיין אויסזעהן,
אין אַלעמענס אויגען — מיין בליק,
מיין טרויער אין אַלעמענס הערצער,
מיין טרויער — אַנ׳אָנזאָג אויף גליק.

אויף אַלעמענס ליפּען — מיין שמייכעל,
אין אַלעמענס ווערטער — מיין פרייד;
עס האָט נאָך דער ווינד ניט צובלאָזען
מיין אָטעם, דעם גרוך פון מיין קלייד.

אליין בין איך, ווייט אין דער פינסטער,
פאַר מיר איז דאָס פינסטערניש — ליכט;
זייט טרויעריג, מענשען, — פאַרלירט ניט
מייז אָנבליק פון אייער געזיכט...

# דו זאָלסט צו מיר...

דו זאָלסט צו מיר ניט ריידען מיט פאַרדראָס,
דו זאָלסט ביי מיר ניט פרעגען ווען און וואָס.

מסתמא האָט געדאַרפט אַזוי געשעהן,
און וואָס עס איז געווען איז שוין געוועז.

ביים שפּיגעלדיגען וויין און ווייסען שיין
זאָל אַלץ פאַרגעבען און פאַרגעסען זיין.

אַזוי ווי פרישער טוי, ווי אַפּפּער־וויין
זאָל גיסען זיך אויף מיר דער ווייסער שיין...

דו זאָלסט צו מיר ניט ריידען מיט פאַרדראָס,
דו זאָלסט ביי מיר ניט פרעגען ווען און וואָס!...

# גאָרטען בלעטער.

גאָרטען -בלעטער ליגען אָנגעוואָרפענע
טרוקענע פאַרדאַרט;
עמיץ, הער איך, בעט זיך אַזוי ציטעריג:
— קום צוגעהן, איך וואַרט...

אַלע בענק און וועגען פוסט פאַרלאָזענע,
צוויי נאָר — איך און דו;
פאַר די הענט זיך האַלטענדיג, דערשראָקענע,
זוכען מיר זיך רוה.

דורך די צווייגען פון דער-ווייטען זעהען זיך
לאָמפען אַלערליי; —
דאַרפען מיר קיין לאָמפען ניט, נאָר שאָטען-רוה,
שאָטען-רוה פאַר צוויי...

## אַ שטיקעל פּאַפּיר.

מיר וועלען זיך קיינמאָל ניט זעהן מעהר,
דיין קאַלטקייט זי האָ מיך פאַרטריבען;
דיין וואָהנונג ווען איך וואָלט געוואוסט דאָך
א בריוועל וואָלט איך דיר געשריבען.

פון זיך וואָלט איך גאָרנישט דערצעהלען,
פון דיר וואָלט איך גאָרנישט פאַרלאַנגען;
צו וואָס זיך דערמאָהנען אָן זאַכען,
וואָס זענען פון לאַנג שוין פאַרגאַנגען?...

איך וואָלט אויפגעשריבען דעם דאַטום,
און אונטער'ן דאַטום — מיין נאָמען:
זאָל וואַלגערען ערגעץ ביי דיר זיך
א שטיקעל פּאַפּיר מיט מיין נאָמען...

## צו דיין הויז.

צו דיין הויז בין איך געגאַנגען,
צו דיין הויז,
בין געווען אַריינגעגאַנגען,
און אַרויס.

האָב דערוואוסט די טירען אָפען,
פוסט די הויז;
שאָטענס האָבען שטיל געשלאָפען,
שטיל דורויס.

בין אַריין צו דיר אין צימער
אַ מינוט...
און מיט אַלע שטילע שאָטענס
אָפּגערוהט.

מיט אַ דאַנק אויף מיינע ליפּען
בין אַרויס,
און געבענשט דיך פון דער ווייטען
און דיין הויז...

## פאַרלעשט אַלע פייערען.

פארלעשט אַלע פייערען, פינסטער זאָל זיין
און זיצט שטילערהייט ;
מען זעהט קיין לויה, נאָר ערגעץ, איך פיהל,
איז עמיצער טויט,

אין פענסטער אַ שאָטען האָט זיך דורכגעשלייכט
גע'גנב'עטערהייט ;
און אויב ס'איז נאָך קיינער געשטאָרבען וועט באַלד
זיין עמיצער טויט.

פאַרלעשט אַלע פייערען, זיצט אויף דער ערד
אין טרויער געקליידט :
צוריק ניט אַליין געהט דער שאָטען פאַרביי, —
ער גטהט זאַלבאַצווייט...

## מאָרגען-שיין.

ברענען ליכטלאך אין די לייכטער
שטיל אין הויז,
טוט אַ האַנד אַ דרעה די ליכטלאך,
לעשט זיי אויס.

ריהרט זיך צו צו זיי אַ צווייטער,
צינדט זיי אָן —
ליגט די מאַמע אין תכריכים
אָנגעטאָן.

זיצט דער טאַטע, ניט ער קערט זיך
ניט ער קלאָגט;
עפּעס זאָגט ער, קיינער ווייס ניט
וואָס ער זאָגט.

קומט אריין ווער און די רגע
געהט ארויס —
דרעהט זיך ווידער אויס אַ ליכטעל,
לעשט זיך אויס...

דורך דער האַלב־פאַרמאַכטער פענסטער
קוקט אריין
וויים און רויט דער מאָרגען־שטערען,
מאָרגען־שיין...

# נאָך אַלעמען.

שוין אָפּגעזאָגט דער דאָקטאר האָט דאָס לעבען,
און וואָס עס האָט געמוזט איז שוין געשעהן:
דאָס אויג — פארמאכט, די הענט און פיס — פארגליווערט,
עס וועט ניט זיין שוין מעהר וואָס איז געווען...

שוין אָפּגעהויבען צו דער ערד דעם טויטען
און אומגעדרעהט די שפּיגלען צו די ווענט;
שוין אָפּגעקלאָגט האָט דער, וואָס דארף באַוויינען,
די ליכט צוקאָפּענס אַלע אויסגעברענט.

געוועזן שוין די לויה, שוין פארשאָטען,
אַ ברעטעל אינ'ם פרישען זאַמד געשטעלט,
צוריק געבראַכט אין טהרה־שטוב די מטה
און רוהיג, שטיל, ווי קיינער וואָלט געפעלט.

נאָך אַלעמען. שוין אומגעקערט אַ היים זיך.
מען וואַשט די הענט, מען עסט דעם אָוועגד־ברויט,
מען בלייבט אַזוי זיך זיצען אין די זאָקען,
און רוהיג, שטיל. די מעריב זון פארגעהט...

# אַ חלום.

איך האָב געזעהן אין חלום היינט מיין מאַמען
מיט אויסגעוויינטע אויגען.
אין קראַם איז זי געזעסען אויפ'ן גאַניק,
דער קאָפּ צום ערד געבויגען.

אין שוים געלעגען איז דער קליינער ברודער מיינער,
געזוכט די ברוסט צו זויגען,
און ס'האָט דאָס קינד קיין טראָפּען מילך געפונען, —
די ברוסט איז איינגעצויגען.

עס האָט דאָס קינד געוויינט, געוויינט — ביז וואַנען
איז שטום געבליבען ליגען.
די מאַמע האָט געהערט דעם קינד'ס געוויינען,
געזעסען און געשוויגען...

אַ גוי מיט געלד אין האַנט אַריין אין קראַם איז,
געבעטען ברויט פּאַרקויפען,
ער האָט געמיינט: די מאַמע וועט ווי שטענדיג
מיט פרייד אַנטקעגען לויפען.

נאָר האָט פון אָרט די מאַמע ניט געריהרט זיך,
אַזוי ווי זי וואָלט שלאָפען, —
געגעבען נאָר אַ קוק אַזאַ שטומען,
איז ער פון שרעק אַנטלאָפען...

# שלאָף, שלאָף.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער פּאַסטוך פאַריאָגט האָט זיין שאָף,
דער פאָטער פאַרלאָזט האָט זיין קינד,
געלאָזט אין דער פרעמד אויפ׳ן ווינד,

וואָס טוט מען ס׳איז קיינער ניטאָ?
איך וויעג דיך אַ שעה נאָך אַ שעה,
איך ציה אַלץ פון וויעגעל די שטריק
אהער און אהין און צוריק.

לו, לו, לו,
דער ווינד קען ניט שלאָפען ווי דו;
עס בלאָנדזשען אום פרירענדע וועלף,
און עמיץ בעט רחמים זיך: העלף...

וואָס טוט מען; אז עמיצער שרייט?
ער שרייט און הערט אויף מיט דער צייט,
די צייט איז אַ רגע צי צוויי —
פאַריאָגט האָט דער ווינד דעם געשריי...

וואָס טוט מען ס׳איז קיינער ניטאָ?
איך וויעג דיך אַ שעה נאָך אַ שעה,
אַזוי ווי אויף אַלץ קומט אַ סוף
וועט קומען אויף אונז אויך אַ שלאָף...

## קײנער װעט ניט קומען.

קײנער װעט ניט קומען,
ס'איז אומזיסט צו װאַרטען:
אַלע האָבען מורא
פאַר דעם אײנגעשפּאַרטען.

לאָז אַראָפּ דעם פײער,
צײט זיך שלאָפען לײגען;
ליג און חלום, חלום
מיט פאַרמאַכטע אױגען.

אַלע זײנען אײנזאַם,
מעהר נאָך—די װאָס װאַרטען;
קײנער װעט ניט קומען
צו דעם אײנגעשפּאַרטען...

# קלאַפּט אַ ווינד.

קלאַפּט אַ ווינד אין שויב,
און אין שטוב איז שטיל,
און אין שטוב איז שטיל אַזוי ווי אין מיין האַרץ...

טו איך וואָס איך וויל.
איז מיין קאָפּ צום טיש געפאַלען
הויב איך אויף מיין קאָפּ און קוק אַרויס,
קוק אַרויס אין גאַס...

טוט אַ קלאַפּ די טיר —
זאָג איך: קומט אַריין,
זאָג איך: קומט אַריין, מיך אַרט ניט ווער...
אַרען אַרט מיך יאָ,
נאָר קיינער קומט דאָך ניט —
זאָג איך: „זאָל שוין זיין אַזוי ווי ס'איז...

פלוצלונג שפרינג איך אויף
געה ארוים אין גאס,
געה ארוים אין גאס און קום צוריק
מיט געקויפטע נים. —
האב איך נים געקויפט?
פאר וועלכען גאסט?
בין איך דען געגאנגען קויפען נים?

ליגען נים און וויינטרויבען —
אפשר געהן נאך וויין?
אפשר געהן נאך וויין וואס שנעלער?
שפרינג איך ווידער אויף
לויף ארוים אין גאס,
לויף ארוים אין גאס און קום צוריק
מיט א פלעשעל וויין...
האב איך וויין געקויפט?
פאר וועלכען גאסט?
בין איך דען געגאנגען קויפען וויין?

קלאפט א ווינד אין שויב,
און אין שטוב איז שטיל,
און אין שטוב איז שטיל אזוי ווי אין מיין הארץ...

# די וועלט איז גרויס.

די וועלט איז גרויס, אויך מיר — מיר זיינען גרויס,
און אייביג איז דער טאָג פון אונזער לעבען;
מיר דארפען נאָר א וואונק א קליינעם געבען —
דער מוטער׳ס האנט אנטקעגען אונז וואקסט אויס.

אליין די מוטער איז שוין ווייט פון אונזער הויז,
זי איז אוועק און האָט אונז אלע זינד פארגעבען,
געלעגט זיך רוהען אין דער ערד ניט ווייט דערנעבען
שוין וואָכען־לאנג, און קומט ניט מעהר ארויס...

געבליבען זיינען מיר פון אלע זינד איצט ריין,
וועט יעדער זיך פון אונז אוועקלאָזען אליין
פארענדיגען דעם טאָג פון אונזער לעבען,

און ווען מיר וועלען מיעד ווערען פון געהן —
צונויפזאמלען וועט אונז די מוטער׳ס האנד אליין
און אויסלעגען אונז שלאָפען איהר דערנעבען...

# אַ פראָסטיגער ווינד.

א קאַלטער אַ פראָסטיגער ווינד האָט געבלאָזען,
ווען איך האָב מיין היים אין אַנ׳אָוועגד פאַרלאָזען.

די טירען און פענסטער אויף אייביג פאַרשלאָגען,
און געהן זיך געלאָזט נאָך אַ הילצערנעם וואָגען.

אַ הינטער׳ן שטאָט זיך געזעצט אינ׳ם וואָגען
און פייל אויסען בויגען גענומען זיך טראָגען.

גענומען זיך טראָגען, די בענקשאַפט פאַרטרייבען,
מיין בענקשאַפט זאָל אויך אין דער היים איבערבלייבען,

אַט איז שוין דער וועג און דער וואַלד ביי די זייטען;
עס קומט אָן אַ ציטעריג עכאָ פון ווייטען.

עס טראָגט זיך דער עכאָ נאָך מיר נאָכ׳ן וואָגען,
אזוי ווי די בענקשאַפט נאָך מיר וואָלט זיך יאָגען...

# וואוהין...

— וואוהין זאָג, וואוהין און צו וועמען
געלאָזען אין וועג זיך אליין ?
דער טאָג וועט קיין מייל שוין ניט נעמען,
די זון וועט אין מערב פארגעהן.

— מיך פיהרען די שטויביגע וועגען, —
זיי וויסען וואוהין שוין אליין ;
דער אָבענד — איך געה איהם אנקעגען
ביז וואנען אויך ער וועט פאַרגעהן.

— דו האָסט נאָך קיין האָר אויף די באקען,
קיין קנייטש אויפ'ן שטערן ניטאָ ;
וועט פיין און געבויגענעם אקען
דיר ברענגען די טרייסטענדע שעה...

— יע, ווייט איז די שעה, וואָס דארף קומען,
די שעה פון ערלייזונג און טרייסט ;
דער טרויער, וואָס איך האָב פאַרנומען,
האָט מיך נאָך אליין ניט ערלייזט.

— ביזטו דאָס אָט דער וואָס דארף קומען
אונז ברענגען דערפרעהונג און טרייסט ?...
— יע, איך בין דאָס דער וואָס דארף קומען
און בין נאָך אליין ניט ערלייזט...

# די נאַכט איז פינסטער.

די נאַכט איז פינסטער,
און איך בין בלינד,
עס רייסט דעם שטעקען
פון האַנד דער ווינד.

ס׳איז פוסט מיין טאָרבע,
מיין האַרץ איז לער,
און ביידע — איב׳ריג,
און ביידע — שווער.

איך הער אַנ׳אָנריהר
פון עמיצ׳ס האַנד:
— גיב לאָמיר טראָגען
דיין לאַסט באַנאַנד.

מיר געהען צווייען.
די וועלט איז שוואַרץ:
איך טראָג די טאָרבע,
און ער — מיין האַרץ...

## אויפ'ן זאַמד.

אויפ'ן זאַמד אין מיטען וועג
ליג איך אויסגעצויגען;
ווייסער שיין, לבנה־שיין
לייכט מיר דורך די אויגען.

און אַ ווינטעל פלאַטערט שטיל.
איך בין מיעד, אַלץ מיעדער,
וויל זיך שטעלען קען איך ניט,
פאַל צוריק אַנידער.

צוגעוואַקסען צו דער ערד
ווי מיין האַרץ צום טרויער;
דרעהט זיך איינער אַרום מיר,
טרייסט מיך: ניט באַדויער...

גוט איז מיר. אַ ווייסע האַנט
זעה איך אויסגעצויגען;
טויטער שיין, לבנה־שיין
לייכט מיר דורך די אויגען...

# זעה איך:

זעה איך: געהט א מענש פארביי,
גיט זיך מיר א נויג,
קער איך אָב דעם קאָפּ און קוק, —
גלויב איך ניט מיין אויג:

זיין געזיכט — ווי מיין געזיכט,
איז דאָס אפשר: איך?
אויפ'ן מיטען וועג אין נאכט,
שטעה איך, קוק אויף זיך...

פול מיט שרעק פון צופיל זעהן
און פון זיך אליין,
קוק איך, ווארט — וועט אפשר ווער
באלד פארביי מיר געהן?

קומט ניט קיינער, פוסט דער וועג,
שטערען שיינען קאלט,
שטעה איך אין דעם טויטען שיין
מיר אנקעגען — מיין געשטאלט...

# ווייט צו די וואָלקענס.

די וואָלקענס אין הימעל זיי יאָגען און יאָגען,
אין ערגעץ א זייגער האָט צוויי שוין געשלאָגען.

אין ערגעץ א זייגער האָט צוויי שוין געשלאָגען —
ווערט באַלד דאָך אינגאַנצען שוין אָנהויבען טאָגען.

ווערט באַלד דאָך אינגאַנצען שוין אָנהויבען טאָגען —
איך וועל שוין דעם דרימעל אזוי איבערטראָגען.

איך וועל שוין דעם דרימעל אזוי איבערטראָגען,
זיך וויעגען אין ערגעץ א ווינקעל פאַרשלאָגען.

זיך וויעגען אין ערגעץ א ווינקעל פאַרשלאָגען
און זיך און די וועלט אין די וואָלקענס פאַריאָגען...

# אין דער טיעפעניש פון נאַכט.

אין דער טיעפעניש פון נאַכט אַ באַוועגונג מאַכט מיין האַנד,
קיינער ווייס ניט וועמען זעה איך, וועמען זוך איך אין דער נאַכט;
איך האָב אויפגעמאַכט די אויגען און זיי ווידער צוגעמאַכט,
און פאַרפאַלען איז געוואָרען אַ באַוועגונג פון מיין האַנד;
איך אליין אויך ווייס ניט וועמען און וואָס זוך איך אין דער נאַכט,
און צו וועמען איז געווען די באַוועגונג פון מיין האַנד...

אין דער טיעפעניש פון נאַכט בין איך איינזאַם און אַליין,
פון דער גאַנצער וועלט אַ סימבאָל אין דער נאַכט איז מיין געשטאַלט,
און ווי אַלט עס איז דאָס לעבען בין איך אויך אַזויפיעל אַלט;
וויל איך לויפען, זיך באַהאַלטען פון דער וועלט — פון זיך אַליין —
ווערט אַלץ גרעסער, ווערט אַלץ גרעסער אין דער פינסטער מיין געשטאַלט,
און ניטאָ וואוהין צו לויפען פון דער וועלט — פון זיך אַליין...

# ביז וואַנען...

ביז וואַנען די רגע וועט קומען
פֿאַרגעהן וועלען יאָהרען,
ביז וואַנען מיין פריידיגע לייכטקייט
וועט ווערען געבאָרען.

ביז דאַן וועל איך איינזאַם און פרעמד זיין,
פֿאַרטיעפט און באַהאַלטען
פון זיך און פון מענשען אין נעבעל
פון ווייטע געשטאַלטען.

און זיין ווי אַ קינד אונבעהאָלפען,
פֿאַרשעהמט און אָהן ווילען,
אַמאָל — אין פאַראַכטונג, אַמאָל אין פאַרגעבונג
מיין זעלע פאַרהילען...

## די שויבען פאַרמויערט . . .

די שויבען פאַרמויערט,
געפּרווירען די ווענט ;
ביים טיר הענגט א לעמפּעל,
קוים, קוים וואָס ער ברענט.

איך ליג אונטער צודעק
פון גראָהען געוואַנט,
און קוק אויף איין פּינטעל
אנקעגען דער וואַנט.

האָב אַלץ שוין פאַרגעסען,
פון זיך בין איך ווייט ;
ווער ווייס, אפשר האָט מען
מיך לאַנג שוין באפרייט ?...

און אפשר געשטאָרבען
בין איך, און ביים טיר
דאָס לעמפּעל ברענט יאָהר־צייט,
ברענט יאָהר־צייט נאָך מיר ?...

# וועכטער.

וועכטער, געה און לייג זיך שלאָפען,
נעם דיין אויג אראָב פון מיר:
נאכט געגעבען איז אויף רוהען
ווי פאר מיר אזוי פאר דיר.

שטעל אוועק דיין ביקס ביים טויער,
שפאר זיך אָן דעם קאָפּ אָן טיש;
פון א גאנצען טאָג ארומגעהן
טוען וועה דאָך דיינע פיס.

קיינער וועט אהער ניט קומען
און פון דאנען ניט ארויס;
אין א קרייז ארום מיין בעטעל
טאנצט ארום א שווארצע מויז.

טאנצט ארום און שפרייט אוים נעצען,
כשוף־קרייזען ארום מיר,
בין איך שוין פאר׳כשופ׳ט, וועכטער,
נעם דיין אויג אראָב פון מיר...

# ניטאָ מעהר קיין טרערען . . .

ניטאָ מעהר קיין טרערען
און אויך קיין געלעכטער ;
איז מאַכטלאָז דער גוטער,
אזוי אויך דער שלעכטער.

די לייבער צושמיסען
מיט אייזערנע ריטער ;
און ווער עס האָט מורא,
דער חנפה'ט דעם היטער...

מיר אַלע — ווי שאָטענס
אין קאַמער אין טויטען...
און שרעקט אייך די שטילקייט,
טאָ — טרייסעלט די קייטען !...

## די נארע איז קורץ . . .

די נארע איז קורץ,
נאָר שלאָפען מוז יעדער זיך לייגען, —
ליינט איינער די פיס
דעם צווייטען ארויף אויף די אויגען.

און איינער דעם קאָפּ
שפּארט אָן צו דעם אנדערענס קייטען;
די נארע איז ענג —
מוז יעדערער האלזען דעם צווייטען...

# בין שולדיג, בין שולדיג.

די טויערען אלע פארשלאָסען,
די טירען מיט אייזענס פארריגעלט ;
א האנד א געהיימע מיין שטערען
מיט בלוטיגע צייכענס באזיגעלט.

און עמיצענס קול מיט א בייזער
פארשיט מיך מיט ווערטער ווי שלאנגען :
ער ווארפט מיר אין פנים פארברעכען,
וואָס איך האָב קיינמאָל ניט באגאנגען.

אומזיסט מיינע טענות, באווייזען,
איך ווער אונטערטעניג, געדולדיג ;
מיט ליפען צוזאמענגעדריקטע
איך מורמעל : בין שולדיג, בין שולדיג...

# פון ווינקעל צום ווינקעל . . .

פון ווינקעל צום ווינקעל, פון פענסטער צום טיר;
געשריבען, געמעקט און צוריסען;
געזעצט זיך, געלייגט זיך, פארוואָרפען דעם קאָפּ,
די אויגען צום באַלקען פאַרריסען.

שוין נאַכט. ניט מיין דאגה. איך קער ניט דעם קאָפּ
און וויל ניט די אויגען פאַרשליסען;
מיין שכן — ער שלאָפט זיך דער פּנים צום וואַנד,
און מיינע — צום באַלקען פאַרריסען...

# ביז די ברעם . . .

פלוצלונג אויף דעם וועכטער פאלט אנ׳אימה,
און ער קען די אימה ניט פארטראגען, —
רייסט ער אויף די טירען פון מיין קאמער
און ער נעמט מיך אהן א זינען שלאגען.

שטעה איך א פארגליווערטער און שריי ניט,
קוק איהם טיעף אריין איןביידע אויגען;
ווערט ער פון מיין שווייגען אויפגערעגטער,
הייסט מיר אויפ׳ן היילען ערד זיך לייגען.

לייג איך זיך און ליג ווי אהן אנ׳אטעם,
האלט איין ברעם פון אויג אביסעל אפען,
און דער וועכטער טרעט אויף מיר און שלאגט מיך,
ביז די ברעם ווערט לאנגזאם איינגעשלאפען...

## אימיצער זאָגט מיר...

אימיצער זאָגט מיר: זיי שטיל,
ליג אָדער זיץ אין דער שטיל.
ווערט דיר די שטילקייט צו לאַסט —
וויין, אָבער וויין ניט צופיעל.

מיין ניט דו ווייסט, וואָס דו ווייננסט,
ווייננסט אין דער וועלט גלאַט אַזוי.
קוקסט אויף די פלעקען פון וואַנד
ווילסטו גאָר לאַכען צו זיי...

צעהל זיך די ברעטער פון דיל,
מעסט וויפיל טריט האָט דיין צעל;
וואַלגער זיך מעהר ניט ביים טיר
קושען דעם שמוציגען שוועל...

קוק פון דער זייט זיך ביים וואַנד,
ווער געהט אַרויס, ווער אַריין;
ביסט ניט דער ערשטער אין צעל,
וועסט ניט דער לעצטער אויך זיין...

# דאכט מיר.

דאכט מיר, אייביג וועל איך זיצן
איינגעשמידטערהייט;
קיינמאָל קען איך ניט דערהיטן
ווי די זון פאַרגעהט.

פלוצלונג קומט די נאַכט, באַפאַלט מיך
ווי אַ וואָלף זיין רויב,
טרעט מיך פריהער אויס, פאַרשמוציגט,
קייקעלט אוים אין שטויב.

ליג איך, גיב פון צייט צו צייט ווען
מיט אַ האַנד אַ הויב,
בלייבט עס שאָטענלאָז; איך זעה ניט
זיך אַליין אין שטויב...

## ביכער געלעזענע.

ביכער — געלעזענע,
בריעף — אויפגעשריבענע;
אלט איז דאס טאג־ביכעל, —
בלעטלאך צוריבענע.

קעפ — אבגעשארענע,
קליידער — צוריסענע,
אויגען — פארלאשענע,
לייבער — געשמיסענע...

# קלינג-קלאנג.

קלינג־קלאנג, טאנץ איך מיר
מיט די קייטען אויף די פיס;
מיט'ן שווארצען ברויט אין האנד,
גיב א טאנץ און גיב א ביס;
מיט'ן קריגעל טיי אין האנד,
גיב א טאנץ און גיב א טרונק;
וועכטער צו און וועכטער אָב, —
איך פארשטעה איהם אויפ'ן וואונק...

ער זעהט קיינמאָל ווי איך טאנץ, —
טויזענד אויגען קוקען דאָך;
קעפ אויף קעפ און הענט א וואלד,
הענט זיי רופען: „גיך און נאָך"...
אָט פון אונטער בעטעל קריכט
א באהאלטענער ארויס,
קלאפט די גראטען, צימבעלט, פויקט:
— העכער! העכער! שרייט ער אויס.

העכער, העכער טאנץ איך מיר
יאָהרען זיצען דארף איך דאָ;
רייס איך אויס א גראָהע האָר —
ווערט צוריק א צווייטע גראָה;
רייס איך צוויי און רייס איך דריי,
און א טאנץ נאָך יעדען ריס,
טו א טאנץ און טו א קלונג
מיט די קייטען אויף די פיס...

# אין הויף איז אַ שטורים.

אין הויף איז אַ שטורים, די לאָמפּען פאַרלאָשען,
דער וועכטער זיצט ערגעץ באַהאַלטען.
כ'האָב מורא צו קוקען אין פענסטער, עס רייצען
מיט מיר זיך געזיכטער—געשטאַלטען.

כ'האָב מורא צו קוקען אין פענסטער, דאָרט זעה איך
אַ פּנים אַזוי ווי אין שפּיגעל:
צוויי אויגען פאַרגאָסען מיט טויטליכער בלויכקייט,
און הענט ווי צוויי בלייערנע פליגעל.

און קער איך אַוועק זיך צום וואַנד פון דער פענסטער —
אַזוי אויך דער פּנים פון שפּיגעל;
פאַרברעך איך די הענט און פאַרלייג אויפ'ן האַרצען —
פאַרבראָכען אויך ווערען די פליגעל...

אין הויף איז אַ שטורים, מען קלאַפּט אין די שויבען
אַזוי ווי מיט אייזערנע פינגער,
געשטאַלטען פּיעל-קעפּיגע גלאָצען די אויגען
און שטעלען אַרויס מיר די צינגער...

# איינגעשמידטע זענען מיר.

איינגעשמיעדטע זענען מיר,
יעדער אין אַ קאַמער זיצט באַזונדער;
אַנגעשפּאַרטערהייט ביים טיר
שטעהען מיר און וואַרטען אויף אַ וואונדער:

פלוצלונג איינער שטילערהייט
עפענען וועט אַלע טירען,
וועט צורייסען אונזער קייט,
אונז פון תפיסה ארויספיהרען.

וועט אונז פיהרען פאַר׳ן האַנד
איבער וועלדער, איבער גרויסע ימ׳ען,
צו אַ ווייטער, ווייטער לאַנד, —
און אַ היים אונז ברייננען, צו דער מאַמען...

## איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען נאַכט
און אונטער זיך פאַרבויגט די פיס, געזעסען ;
האָב אויסגעשטרעקט אַ האַנד, דערלאַנגט דעם ברויט,
פון גאַנצען שטיק געבראָכען און געגעסען.

מיך האָט געעקעלט לאַנג פון שוואַרצען ברויט,
נאָך מעהר — פון זיצען וואַכעדיג ביז מאָרגען ;
אויףביידע קניה פאַרלייגט האָב איך דעם קאָפּ,
געגוויטערהייט געקייט און זיך געוואָרגען.

און ווערגענדיג זיך, זיצענדיג אַזוי,
האָט אָנגעהויבען ליכטיג ווערען, טאָגען ;
די טיר האָט זיך געעפענט און אַ האַנד
האָט נאָך אַ ברויט אַזאַ געבראַכט צוטראָגען...

## גנב'ע אַרויס מיך.

גנב'ע ארויס מיך פון קאַמער צו דיר אויף איין טאָג,
איין איינציגען טאָג.
וועט עמיץ דיך פרעגען: ווער איז אין דיין הויז?
— א דורכגעהער, זאָג.

פאַרמאַך אַלע פענסטער, מיט שווארצען פאַרהענג —
א סמן פון קלאָג;
וועט עמיץ דיך פרעגען: ווער איז אין דיין הויז?
— א גוסס'ער, זאָג.

וועל זיצען און שווייגען, נאָר קוקען אויף דיר,
און קושען דיין קלייד;
וועט עמיץ א קלאַפּ טאָן — פאַרדעק מיר דעם קאָפּ
און זאָג: ער איז טויט...

# יעזוס.

איינגעדעקט ביז איבער האלז אין גראָהען ליגען זיי און שלאָפען,
קעפ צו קעפ און הענט צו הענט, די פיס צום פענסטער אויסגעצויגען;
איבער זיי אין ווינקעל ערגעץ איינגעוועבט אין שפינוועבס
יעזוס אויף א צלם הענגט, דער מויל צוקרימט און צוגעמאכט די
אויגען.

דורכגעלעכערטביידע הענט און פיס און צוגעקלאפט מיט נעגעל,
דאר און נאקעט־הויל דער גאנצער גוף, די שאנדע ניט פארבאָרגען;
אונטען אויף א קייטעל שאָקעלט זיך אַנ'אויסגעטריקענט לעמפעל, —
ניט געווען קיין איינער, ווער עס זאָל מיט בוימעל און א קנייטעל
עס באַזאָרגען.

איינגעדעקט ביז איבער האלז אין גראָהען ליגען זיי און שלאָפען,
כאפט זיך ווען ניט ווען ווער אויף—ער צלמ'ט זיך און געהט זיך
ווידער לייגען;
יעזוס הענגט אליין א נאקעטער, אַנ'איינזאמער אין
איינגעשטויבטען ווינקעל,
די פיס פארדרעהט, דער קאָפ פארקרימט און צוגעמאכט די אויגען...

## זייט געזונד.

זייט געזונד, זייט געזונד,
מאָרגען פאָהר איך אָב;
כ'האָב שוין אויפגענעהט א זעקעל,
אָבגעשערט דעם קאָפּ.

האָב באַקומען שוין א גאַרטעל,
צוגענעהט צום קייט,
און זיך שוין מיט אַלע שכנים
דורכ'ן וואַנד צושיידט.

האָב א היים אוועקגעשריבען
שוין דאָס לעצטע בריעף;
מאָרגען וועל איך זיין שוין ווייט-ווייט
ערגעץ אויף א שיף...

# איבער וועגן.

איבער וועגן לאַנג שוין אָבגעזוימערטע,
אונטער הימלען גרויע און פאַרקומערטע,
געהען מענשען, געהען איינגעבויגענע,
פרויען — קראַנקע, קינדער — ניט געזויגענע.

דורך די אַלטע קליידער די צוריסענע
שטיקער לייבער זעהען זיך צוביסענע,
אַלע אויגען טונקעלע, פאַרלאָשענע,
נאָר מיט קאַלטע טרערען אָנגעגאָסענע.

קיינער שטעלט אין וועג זיך ניט אנקעגען זיי,
וואו ווי ווייט איז זייער היים צו פרעגען זיי;
זיי אַליין אויך — קיינער רעדט צום אַנדערען,
שוין פאַרגעסען פון ווען אָן זיי וואַנדערען.

גלאַט אַזוי אַמאָל צונויפגעקליבענע,
איבער גוואַלד פון זיך אַליין געטריבענע,
געהען מענשען, געהען איינגעבויגענע,
שלעפּען זיך מיט קינדער ניט געזויגענע.

# גוט אַזוי.

איך בין ניט קראַנק, נאָר עפּעס אין מיין האַרץ
שטאַרבט אָב פון זיך אַליין...
פּאַפּיר אַ שטיקעל האַלט איך אין מיין האַנד:
„איך קום ניט מעהר צוגעהן"...

איז גוט אַזוי. פאַרקלאַפּט די לעצטע שויב
די לעצטע טיר פאַרמאַכט.
איך דרעה זיך איין אין צודעק איבער קאָפּ
און זאָג: אַ גוטע נאַכט...

און אונטער צודעק זעה איך: געהסט אין וועג
און מיעד ביסטו פון געהן...
פאַרקלעפּען זיך די אויגען מיר, און דו
בלייבסט וואַכעדיג אַליין...

## געטרייער גאָט...

זעה איך דיך אין חלום: זעצסט זיך צו
אין וועג פארטראכטערהייט,
און רוהען קענסטו ניט, עס טרייבט דיך ווייטער געהן
פון קיינעם ניט באגלייט.

און פלוצלונג פאלט אויף דיר א שרעק, דו הויבסט
די הענט אויף צו דער הויך,
און זאָגסט: געטרייער גאָט, זיי גוט צו איהם...
דערמאָנסט מיין נאָמען אויך.

איך זעה עס ציטערען די ליפען דיר, די הענט
זיך הויבענדיג ארויף...
און פלוצלונג דיין געזיכט צושמייכעלט זיך אין פרייד
און וועקט פון שלאָף מיך אויף...

# פאַרשלאָסענע אויגען.

איך זיץ מיט פאַרשלאָסענע אויגען
און קען אזוי זיצען ביז נאַכט.
ווייל עמיצער קומען — טאָ זאָל ער!
איך האַלט ניט די טירען פאַרמאַכט...

איך בין ניט אנטלאָפען פון מענשען,
און יעדער א גאַסט איז ביי מיר;
אין צימער געגוג איז דאָ שטולען
און ווינקלען, ווי אומעדום, פיער...

קען ער — אָדער זי — אין א ווינקעל
זיך זעצען מיט אויגען פאַרמאַכט,
קיין איינציגען וואָרט ניט דערמאָנען
און שווייגען ביז טיעף אין דער נאַכט...

## בין מוחל.

מיין הארץ איז קראנק
און קורץ דער טאָג.
איך הער אַ קול:
— „ב י ן  מ ו ח ל", זאָג.

און נאָכ'ן קול
אַ  ה א נ ד  איך זעה...
איך זאָג נאָך שטיל:
— בין מוחל, יע...

און ווי  א י ך  פ אָ ל ג
אזוי און זאָג —
פארגעהט דער טאָג,
פארגעהט מיין טאָג...

## ווייל אַלע געהען.

קאַלט פאַרגאַנגען איז די זון,
בלייכערהייט צושוואומען...
ווייס איך: קיינער וועט שוין היינט
אין מיין הויז ניט קומען.

אויפ'ן גאס — מען געהט, מען געהט
שטיל ווי נאָך אַ טויטען.
צינדען זיך לאַמטערנעס אָן
אומעט צו פאַרשפּרייטען...

וויל איך אויך אַוועק אין גאַס,
געהן, ווייל אַלע געהען,
קיינעם צו דערצאָרענען,
קיינעם צו דערפרעהען...

## דאָס ליעד פון פאַרגעהן

לאָז אראָב די ברעמען דיינע
און געהאָרכזאַם הער זיך איין:
ניט געראַטעוועט וועט ווערען
פון פארגעהן דער לעצטער שיין.

אונזער הויז איז קליין און עלענד,
אונזער טיש באדעקט אָהן וויין, —
האָט זיך ניט וואו אָבצושפּיגלען
דער פארגעהענדיגער שיין.

האָבען מיר דעם טאָג געטרויערט,
דארפען מיר איצט רוהיג זיין:
זעה, ווי מיר פארמאַכט די אויגען
דער פארגעהענדיגער שיין.

נאָך א רגע, נאָך א רגע
וועלען מיר שוין ווייט אויך זיין, —
ווייט וואו רוהען איז געגאַנגען
דער פארגעהענדיגער שיין...

# מען האָט אונז געלאַדען.

מען האָט אונז געלאַדען, מיר זיינען געקומען,
מען האָט אונז מיט פרייד און מיט טענץ אויפגענומען,
מיט וויינען, מיט פלאַשען און זילבערנע פאַנען,
און שלאָפען געלעגט אונז אויף ווייכע דיוואַנען.

צו מאָרגענס מיר זיינען פון שלאָף אויפגעשטאַנען —
דריי פערד ווי די לייבען אין שנעע־ווייסע שפאַנען,
זיי האָבען אונז יאָגען, אונז טראָגען גענומען,
צוריק צו פון וואַנען מיר זיינען געקומען...

די זון איז א גרויסע ארוים אונז אנטקעגען
און אָפען צועפּענט פאַר אונז אַלע וועגען,
מיר זיינען זיך רוהיג אין קאַרעט געזעסען,
וואוהין און פון וואַנען מיר פאָהרען — פאַרגעסען.

א שעה נאָך א שעה איז געלאָפען, פאַרלאָפען,
מיר האָבען אין קאַרעט זיך צוגעלעגט שלאָפען;
די אויגען געעפענט — שוין זיינען געלעגען
פאַרנאַכטיגע שאָטענס אויף פעלדער און וועגען.

מיר זיינען אליין אויך פאַרנאַכטיגט געוואָרען,
און ווייטער געפאָהרען, און ווייטער געפאָהרען;
די זון איז מיט טיעף־רויטע פרענזען פאַרהאַנגען
ביז שפּעט אין דער נאַכט אונז דעם וועג נאָכגעגאַנגען...

## ווען מיין קאָפּ...

ווען מיין קאָפּ צום ערד זיך בויגען
א מינוט צום טויט,
קום, ערשיין פאַר מיינע אויגען
אין א ווייסער קלייד.

זעגען זיך מיט מיר אָהן טרערען,
ברעך ניט מיט די הענט,
און די שפּיגלען איבערקערען
זאָלסט ניט צו די ווענט.

שטיל פאַרמאַך מיר ביידע אויגען
און איין רגע שטעה,
זעהסט איך בין שוין אויסגעצויגען,
נעם זיך דאַן און געה...

## לאָזט שוין לייוויקען צורוה...

קאַלט און שפּעט. איך ליג און ליג.
נעמט איין אויג און קלעפּט זיך צו;
און די צווייטע — ניט אַזוי,
פינקעלט, וואַנדערט ערגעץ וואו;
פּלוצלונג הער איך ווי מען פרעגט:
— שלאָפט דאָ לייוויק ערגעץ וואו?...

וויל איך געבען זיך אַ כאַפּ,
און איך טו זיך ניט קיין קער;
ארום מיר און איבער מיר
הער איך שטימען מעהר און מעהר;
פּלוצלונג הער איך ווי מען זאָגט:
— לייוויק וואָהנט שוין דאָ ניט מעהר...

וויל איך זיך צולאַכען הויך —
פריהרט מיין צונג צום גומען צו;
עמיץ קלאַפּט דעם קאָפּ אָן וואַנד
מיט געוויין: וואו איז ער, וואו?... —
בעט אַ קול זיך אַזוי שטיל:
— לאָזט שוין לייוויקען צורוה...

# שטילער...

שטילער, שטילער, ווערט אנשווינגען.
איך וועל שטארבען, איך גיי אויס.
דעקט מיך צו און לאזט מיך ליגען,
דעקט מיך צו און גיהט ארויס.

ברענגט מיר נאר א ווייסען קישען
און אנ'אויסגעוואשען העמד,
ריינע וואסער אבצוגיסען
מיינע איינגעשמוצטע הענט.

הויבט מיר העכער אויף דעם קישען
און דעם קאפ אויך, אט אזוי...
וועל באצייטענס נאך פארשליסען
מיינע אויגען. אט אזוי...

# אויף די וועגען סיבירער.

אויף די וועגען סיבירער
קען עמיץ נאָך איצטער געפינען א קנעפּעל, א שטריקעל
פון מיינס א צוריסענעם שוך,
א רימענעם פּאַס, פון א ליימענעם קריגעל א שטיקעל,
א בלעטעל פון הייליגען בוך.

אויף די טייכען סיבירער
קען עמיץ נאָך איצטער געפינען א צייכען, א שפּענדעל
פון מיינס א דערטרונקענעם פּליט;
אין וואלד — א פאַרבלוטיגט־פאַרטריקענטען בענדעל,
אין שניי — איינגעפראָרענע טריט...

# סאָלדאַטען...

סאָלדאַטען אַרום ביי די זייטען,
מיר שטעהען צו פיערען אין רייהען.
א זעקעל מיט ברויט אויפ'ן אַקסעל,
אַנ'אויסגעשריי „מאַרש", און מיר געהען.

נאָך נאַכט. דער פריהמאָרגען פאַנגט אָן ערשט
איין ברעג פונ'ם מזרח פאַרנעמען;
מיר געהען האַלב־וואַך, ווי אין חלום,
אונז ליגט נאָך דער שלאָף אויף די ברעמען.

עס שטויסען זיך אַקסלען אָן אַקסלען,
עס קלאַפּען זיך קניהען אָן קניהען;
מיר, בלינדע מיט אָפענע אויגען,
צודרעהען, צומישען די רייהען...

— „אין אָרדנונג!" שרייען די וועכטער,
מיר פאָלגען די וועכטער'ס געשרייען;
די זון איז אַרויס אינ'ם מזרח
און קוקט פון דער הויך ווי מיר געהען...

# טויטע וועגן.

וואָלט כאָטש ווער געקומען
אונז אנטקעגען,
זאָגען: „פריעד צו אייך".
פון יוצא וועגען.

גלאַט אזוי א שאָטען
זעהן פון וועמען,
זאָגען: „פריעד צו דיר"
און זיך פארשעמען...

זאָל זיך כאָטש פאר אונז ווער
איבערשרעקען,
שליידערען אין פנים
אונז א שטעקען...

קומט ניט, קומט ניט קיינער
אונז אנטקעגען;
פעלדער — ווילד פארוואקסען,
טויטע וועגען....

## נאָכאַנאַנד.

די פעלדער — צושפּרייט אין דער לענג און דער ברייט,
די זון, אזוי מיעד ווי מיר אלע, פארגעהט,
זי לאָזט זיך אראָב אזוי שטיל, אזוי זאכט,
געבויגען, געקניהט פאר דער קומענדער נאכט.

מיט געהען צוויי טעג שוין, דריי הונדערט אין צאָהל;
מיר האָבען, ווער ווייס ווען, געזינדיגט אמאָל,
מיר האָבען פארגעסען די זינד שוין פון לאנג
און גארען אויך רוהען אין זונען־פארגאנג.

נאָר ס'הערט ניט אויף שלאָגען די שטראָפענדע האנד,
זי טרייבט אונז צוגעהן נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד,
און לאָזט אונז ניט פאלען מיט ליפען פארשמאכט
צו קושען די טריט פון דער קומענדער נאכט...

## שטיל אויף די סטעפּעס.

שטיל אויף די סטעפּעס בוראַטישע
עס שלאָפט נאָך דער אָבגאָט פון פריה;
עס זיצט זיך אַ פּאַסטוך אַנ׳איינזאַמער
געבויגען דעם קאָפּ אויף די קניה.

זיין פּנים אַ געלער, אַ מעשענער,
צושוואומען דער נאָז אין דער ברייט,
די אויגען אין שטערען פאַרזונקענע,
די ליפּען האַלב שוואַרץ און האַלב רויט.

עס שיטען פונאַנדער די שעפּסען זיך
אין אַלע פיער זייטען אַרום,
דאָס אַרט ניט דעם פּאַסטוך דעם איינזאַמען,
ער זיצט זיך פאַרדרעמעלט און שטום.

און הויבט ער אָן זינגען, — דערשרעקען זיך
פאַר איהם זיינע אייגענע פיה,
ווערט ווידער אנשטומט אַ פאַרשלאָפענער,
פאַרוואַרפען דעם קאָפּ אויף די קניה...

# לעצטע שטראַלען.

לעצטע שטראַלען שוין פאַרגאַנגען.
פעלד און שטערען, פעלד און שטערען.
אַזאַ ציטעריגעס רופען
פון דער ווייטען לאָזט זיך הערען. —

פון די ווייטע פעלדער־עקען
און אַלץ נעהנטער, נעהנטער, נעהנטער,
רופט אָן יעדערען ביים נאָמען
אַזאַ קול אַנ׳אונבעקאַנטער...

פאַלט אָב יעדערען דער אָטעם,
און די פּיס איהם קוים זיי געהען...
נאַכט און שטערען, פעלד און שטערען —
און פאַרצווייפעלטע געשרייען...

# אַ חורבה.

עס וועלען אונז ביי נאַכט
קיין פרעמדע טריט דערפרעהען,
און אונזערע — דער ווינד
פאַרשיטען וועט, פאַרזועהען...

און קומען וועלען מיר
אין ערגעץ זיך צושלעפּען.
אַ חורבה ערגיץ שטעהט
פאַרוואָרפען אין די סטעפּען.

זי שטעהט און וואַרט אויף אונז,
די טירען, פענסטער אָפען; —
אַ פאַל טאָן וועלען מיר
און שלאָפען, שלאָפען, שלאָפען...

## אין דער פינסטער.

טליהען פארלאָשענע שייטלעך,
גליהען נאָך איינציגע קוילען;
גוט וואָלט זיין עמיץ זאָל קענען
קינדישעם עפּעס דערצעהלען.

עפּעס אזוינס, מיינע ברעמען
זאָלען אליין זיך פארמאַכען;
קוים צו אַנ'אָברוה דערשלעפּט זיך
קען איך ניט שלאָפען, ניט וואַכען.

ציה איך זיך אוים — ווילט זיך זיצען;
זעץ איך זיך — ווילט זיך מיר ליגען;
שטיל אין דער נאַכט וואָלט איך וויינען, —
קומט ניט קיין טרער אין די אויגען.

נעם איך און גיב זיך א שליידער —
ווער אין דער פינסטער פארזונקען...
טליהען שוין מעהר ניט קיין שייטלעך,
גליהען שוין מעהר ניט קיין פונקען...

# אליין.

האלבע נאכט. מיר ליגען אויסגעצויגען
צונויפגעפרעסטע אויפ'ן קאלטען דיל,
סאָלדאַטען ביי דער טיר מיט האלב פארמאכטע אויגען,
זיי זענען מיעד, ווי מיר, און זענען שטיל.

א דאָרפיש־לעמפעל ערגעץ רויכערט אין א ווינקעל.
שאַ. א לעמפעל ברענט זיך, ברענט;
אין קליינעם שטיבעל אָפטמאָל עפּעס מ:ט א פינקעל, —
קומט צו א נייער שאָטען אויף די ווענט...

גיט איינער זיך א שטעל און פאלט צוריק זיך לויגען,
און איינער גיט א קריץ אזוי די ציין;
סאָלדאַטען ביי דער טיר מיט צוגעמאכטע אויגען,
ווי מיר, — פארשלאָפענע, ווי מיר — אליין...

# נאָך אַ טאָג...

נאָך אַ טאָג איז זיך אַוועק,
טונקעל ווערט דער ברייטער וועג.
געהט אַ וואַנדערער אַליין,
ער צו אונז וועט ניט פאַרגעהן.

גיט איהם ווער אַ שטיקעל ברויט,
זאָל ער געהן געזונטערהייט
זוכען ערגעץ אַנדערש־וואו
אין דער פינסטערניש זיך רוה...

איז די נאַכט אײַנגאַנצען דאָ.
און דער וועג שוין אויך ניטאָ;
וועט אַ צווייטער דורכגעהן וועז
וועלען מיר שוין איהם ניט זעהן...

הער, מען וויינט אין טיעפען שרעק —
וויינט עס ניט דער ברייטער וועג?
עס איז קיינעמ׳ס ניט געוויין,
וויינט דער ברייטער וועג אַליין...

## געהט מען זיך לאַנג.

געהט מען זיך לאַנג,
בינדט מען די לענדען ארום מיט א שטריק;
קלאפּען די שיך —
געהט מען זיך לאַנגזאַם, מען קוקט ניט צוריק.

איז ווער געשמידט,
קען ניט צוקלאפּען די קייט אָן א שטיין, —
וואָס זאָל מען טאָן? —
טראָגט מען די קייטען, נאָר געהן דאַרף מען געהן...

גיט מען אונז רוה,
איינגעמידט ווערט אויך די האנד וועלכע שטראָפט, —
ליגט מען זיך שטיל,
ליגט מען זיך שטיל אויף דער ערד און מען שלאָפט...

# אַ גוטע נאַכט.

לאַנגע ווינטערדיגע נעכט,
ווייסע שטראַלענדיגע טעג,
האָב איך איינגעשפּאַנט מיין פערד
לאָזען זיך אין ווייטען וועג.

היי און ברויט און ווייץ געקויפט,
איינגעניית דאָס לעצטע געלט,
אָנגעטאָן זיך אין אַ פּעלץ,
מויל און אויערען פאַרשטעלט.

ניט געריהרט פון שטוב קיין זאַך,
טיר און לאָדען ניט פאַרמאַכט,
זיך אַ נייג געטאָן צום שוועל
און געזאָגט: אַ גוטע נאַכט.

אָבגעצייכענט מיינע טריט
לעצטע אויף דער פרעמדער ערד.
נאָך אַמאָל: אַ גוטע נאַכט,
און אַ שמיץ געטאָן דעם פערד.

# זילבער שנור.

איז דער וועג מאַנאַטען לאַנג,
ציהט זיך ווי אַ זילבער שנור,
פאָהר איך מיט'ן זילבער שנור,
מורמעל עפּעס אַ געזאַנג.

אין דעם פוטער איינגעדרעהט.
אָבגעדעקט די אויגען נאָר, —
קוק איך ווי די זון געהט אויף,
קוק איך ווי די זון פאַרגעהט.

און דער שניי ער שיט און שיט,
דעק איך אויך די אויגען צו,
לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ און ליג...
און דער שליטען פליהט און פליהט.

בלייבט דער פערד אין מיטען שטעהן —
כאַפּ איך זיך פון דרימעל אויף,
גיב אַ שמיץ און גיב אַ פייף,
דורך די קלאַפּענדיגע ציין...

## שטערן, וועלף און בערן.

א קאַלטער ווינד פון צפון־זייט
האָט אָנגעהויבען בלאָזען ;
מיין טרייער פערד האָט מיעד צום שניי
דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען.

די זייטען איינגעפאַלען טיעף,
די גאַנצע פעל פאַרפראָרען.
ווער וויים צי וועלען מיר נאָך היינט
אין ערגעץ.וואו פאַרפאָהרען ?

אַלץ פינסטערער און פינסטערער.
דער שניי מיט גלאָז פאַרצויגען,
איך געה צו פוס מיין שליטען נאָך
מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגען.

עס שטעכען אין דער פינסטערניש
ווי שאַרפע נאָדלען שטערען ;
עס קלאָגען אין דער וויסטעניש
פאַרשנייטע וועלף און בערען...

# אַ האַנד.

פאַלען שטערען, הילכען קלאַנגען,
פול מיט ווייסען גלוט די סטעפּ:
הויבט אַ האַנד זיך אין דער פינסטער,
האַמערט שווערע קלעפּ נאָך קלעפּ.

ערד און הימעל — שניי אַ וואָלקען.
טראָגען אום זיך ווייסע קעפּ,
קייקלען, דרעהען זיך אין שטורעם,
פלעכטען זיך אין לאַנגע צעפּ.

ווער איך מיט מיין פערד געפאַנגען,
איינגעפלאָכטען אין די צעפּ, —
ביז די האַנד אין ווירבעל־שטורעם
האַמערט אָב די לעצטע קלעפּ...

# אַ ליידיגער שליטען.

עס ווערען די וואָלקענס צושוואומען,
עס ווייזען זיך שטערען נאָך שטערען:
דער וועג איז אינגאַנצען פאַרשאָטען —
ניטאָ וואו דעם שליטען צו קערען.

איך שפּאַן זיך אַליין איין צום פערד צו,
איך העלף איהם צו שלעפּען דעם שליטען...
אַ שלעפּ און אַ פאַל צו דער ערד צו,
די פינגער — צובלוטיגט, צושניטען.

דער הימעל אַלץ קלערער און קלערער,
אַ' גרויסע לבנה אין מיטען;
זיי קוקען זיך צו ווי מיר שלעפּען
אַ ליידיגען הילצערנעם שליטען...

# אַ דריטער.

ניט אַנדערש עמיצער
אַ שפּאַס מיט אונז וויל פיהרען:
אַ שליטען — שטרוי און שפּאָן,
און ניט פון אָרט צו ריהרען.

מיט ציטער גיב איך ווען
אַ קער דעם קאָפּ אויף הינטער:
עס קען פּאַסירען אַלץ
אין וועג אין מיטען ווינטער...

מיר דוכט זיך פּלוצלונג אוים:
מיר שלעפּען נאָך אַ דריטען, —
אַזוי ווי איך אַליין
וואָלט ליגען טויט אין שליטען...

# אַ דאָרף, אַ דאָרף!

א ביסעל געשטאנען. געגוג,
פערד מיינס, געטרייער,
מיר מוזען דאָך קומען אין דאָרף
צו מענשען, צו פייער.

מען זעהט שוין, מען זעהט שוין דעם דאָרף
מיט לויכטענדע שויבען, —
דו זיי נאָר ניט מיעד, נעם זיך מוט
דיין קאָפּ אויפצוהויבען.

עס זיצען נאָך אלע אין דאָרף,
די טויערען — אָפען,
מען גרייט אונז געטראַנקען און שפּייז,
געלעגער צו שלאָפען.

מען ברייננגט פאר דיר האָבען און היי,
די בעסטע פון שייער...
העי, פערד מיינס, א טראָט און א פליה
צו מענשען, צו פייער.

## פ ר ע מ ד ע.

צו אַ טויער צוגעפֿאָהרען,
קלאַפּ איך, רוף:
— כ׳בין דערפֿראָרען, — גוטע מענשען,
עפֿענט אויף.

שפּרינגען הינט אויף קייטען, בילען,
מענשען — אויף.
געהען. איינער, הער איך, מורמעלט:
— עפֿען אויף!

שרייט אַ צווייטער: פֿריהער פֿרעג זיך:
וואָס און ווער?
וואו אַ וואַנדערער, אַ שלעפּער
קומט אַהער...

מורמעלט ווידער איינער: עפֿען,
פֿרעג, ניט פֿרעג...
אונזער מזל שוין: מיר וואָהנען
אויפ׳ן וועג.

# וואַרימער אויוועז.

וואָהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און וואַרעם איז זיי.
עסען געפאַנגענע הירשען און פיש,
טרינקען צוגאַנגענעם שניי.

לייגען זיך שלאָפען, ווען ס'קומט נאָר די נאַכט
אַלע צוזאַמען אין בעט,
דעקען זיך איבער אַריבער'ן קאָפּ,
שלאָפען אין טאָג אַריין שפּעט.

הוליעט אין דרויסען אַ צפון-זייט-ווינד,
נעמט מען אַ האַק און מען שפּאַלט
שייטלאַך נאָך שייטלאַך אין אויוועז אַריין,
שייטלאַך פון אייגענעם וואַלד.

באַקען זיך פּלעצלאַך און פּרעגלען זיך פיש,
קאָכט זיך אַ קעסעל מיט טיי, —
וואָהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און וואַרים אין שניי...

## טיי.

אָבגעזאָגט די מאָרגען־תפלה
זעצען זיי זיך אַרום טיש,
טונקען די פאַרברוינטע פּלעצלאַך
אין דעם בוימעל פון די פיש.

בויגען איין די קעפּ און זופּען
מיט אַ פייף אַזאַ דעם טיי:
לאַדט מיך איין די באַלעבאָסטע
זעצען זיך ביים טיש מיט זיי.

זעץ איך זיך און עס צוזאַמען,
זיץ ביים טיש — דאָך ניט מיט זיי:
ערגעץ ווייט ווייט טראָגט אוועק מיך
יעדער ביס און זופּ פון טיי...

## לעצטע טיר...

א דאנק אייך גוטע מענשען
פאַר טיי און פרישען ברויט;
מיין פערד צום פאָהרען ווייטער
אנ׳איינגעשפאַנטער שטעהט.

איך האָב געזעהן אייך איינמאָל
און וועל ניט זעהן שוין מעהר;
מיין וועג איז ווייט, וועל קיינמאָל
ניט קומען מעהר אהער.

צו וואָס איך גיב א ריהר זיך
איז דאָס דער לעצטער ריהר;
אָט מאַך אייער טיר צו, —
פילייכט די לעצטע טיר...

## ניט בלייב אליין.

אויף ווייסע בערג די זון פארגעהט,
ביים זייט פון וועג א צלם שטעהט —
דעם וועג צושיידט.

איך הער א קול: בלייב שטעהן! בלייב שטעהן!
שפאן אוים דעם פערד און לאז איהם געהן,
דו בלייב אליין...

איך שטעל זיך אב און קוק זיך אום:
שוין שווארץ די בערג, דער וועג ארום,
און שטיל ארום.

און ווידער הער איך: בלייב ניט שטעהן!
א גיכער יאג, ניט בלייב אליין —
ניט בלייב אליין...

# גלעקלאך.

גלעקלאך קלינגען ערגעץ ווייט,
גלעקלאך ווערען שטום;
עמיץ פאָהרט אַנקעגען אונז,
פאָהרט און קעהרט זיך אום.

א באַקאַנטע מיידעל קומט
איבער קאָפּ פארשנייט,
איבערראַשען וויל זי אונז
אונגעריכטערהייט.

שטעלט זיך אָב און פרעגט דעם וועג,
כלומר'שט פרעמד און קאַלט,
הייבט אויף מיר די אויגען אויף,
שעמעוודיג באהאלט.

מיט אַמאָל צולאַכט זי זיך,
גיט אַהייב א האַנד,
דעקט דעם פּנים אָפּ און זאָגט:
— בין איך אייך באַקאַנט?

גיב איך איהר א כאַפּ צו זיך
און דעם פערד — א יאָג;
העי, מיר פליהען מייל נאָך מייל
ביז עס שטאַרבט דער טאָג.

# מיין פרייד.

אז עס שטאַרבט דער טאָג און פינסטער ווערט דער וועג,
בעט איך ווייך דעם שליטען אויס פון ברעג צו ברעג:
לייגט מיין גאַסט אַוועק זיך, ווערט אַנטשלאָפען שנעל
איינגעדעקט פון קאָפּ ביז פוס מיט בערען־פעל.

זיץ איך איבער איהר געבויגען, קוש איהר קלייד,
מורמלען מיינע ליפּען עפּעס וואָס אין טיעפער פרייד.
איז די בייטש אַראָפּגעפאַלען צו דער ערד,
אָבגעלאָזט איינגאַנצען געהט אַליין דאָס פערד...

עפענט זי אַנאָויג און מאַכט איהם צו צוריק,
עפּעס ווי ניט איהרער וואָלט געוועזן דער בליק, —
קריך איך שטיל אַראָב פון שליטען און איך געה,
קוק זיך אויף די ווייסע פעלדער, אויפ'ן שניי...

# שעה נאָך שעה.

שעה נאָך שעה. עס ווערט איהר קאַלט,
כאַפּט פון שלאָף זיך אויף.
טו איך אוים מיין פעלץ פון זיך,
לייג אויף איהר אַרויף.

שלאָפט זי ווידער וואַרים איין.
איך — צו פוסען איהר,
זיץ אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ
שעה נאָך שעה און פריר.

גיט זיך ווען פון שלאָף איהר האַנד
צו מיין באַק אַ ריהר...
נידעריגער פאַלט מיין קאָפּ
צו די פיס צו איהר.

# קאַלטער ווייַן.

איך האָב איהר צוגעדריקט צו זיך,
זי אָבגעלאָזט;
פאַרדרעהט האָט מיר דעם קאָפּ דער וויין
פון שטאַרקען פראָסט.

איך האָב אַריסגעטאָן דעם פעלץ,
זי אָבגעדעקט,
זיך צוגעדריקט צו איהר —
און אויפגעוועקט.

איהר לייב אַ ציטער האָט געטאָן:
אזוי פיעל פרייד...
מיין קאָפּ האָט זיך פון קאַלטען וויין
געדרעהט, געדרעהט...

# אין זומערדיגען לאַנד.

קומען ערגעץ װעלען מיר צופאָהרען
ערגעץ אין אַ זומערדיגען לאַנד;
װעלען מיר פאַרקויפען פערד און שליטען
און צופוס זיך לאָזען געהן באַנאַנד —
ערגעץ אין אַ זומערדיגען לאַנד.

װעלען מיר די נאַכט די ערשטע שלאָפען
אין אַ װאַלד אין זומערדיגען לאַנד;
טאָג װעט װערען — װעלען מיר זיך לאָזען
װייטער געהען געאָרימט האַנד ביי האַנד
ערגעץ װייט אין זומערדיגען לאַנד.

נייע קליידער װעלען מיר זיך קויפען
פאַר'ן געלט אין זומערדיגען לאַנד;
איך — אַ ברייטע הוט, אַ העלען מאַנטעל,
דו — אַ װייסע קלייד מיט זיידען־באַנד, —
דאָרטען אינ'ם זומערדיגען לאַנד.

# רויך.

שיט אַ שניי אַ וואַרימער,
גלאַט דער וועג און ווייך,
פון דער ווייטען זעהען זיך
דינע זיילען רויך.

פאַהרען מיר און זי דערצעהלט
מעשיות נאָכאַנאַנד,
אַלץ פון יענעם וואַרימען
זומערדיגען לאַנד.

ווער איך מיעד פון צוהערען,
קוק איך אין דער הויך:
ווייסע זיילען ציהען זיך,
שטראַלענדיגער רויך.

זילבער וואָלקענס שפּרייטען זיך
ווינטערדיגער טוי...
רוימט זי שטיל אַ סוד מיר איין:
— איך וועל זיין דיין פרוי...

# איינשוויגען געוואָרען.

די ליפּען פאַרטריקענט, די אויגען פאַרמאַכט,
מיר פאָהרען און שווייגען ווי פרעמדע די נאַכט.
עס זאָגט ווער ארויס ווען א וואָרט דורך די ציין,
ווי יעדער אין שליטען וואָלט פאָהרען אליין.

זי זעצט זיך, פלעכט איבער די האָר אויפ׳ן קאָפּ,
א סטענגע א ווייסע — זי וואַרפט עס אראָב,
און מורמעלט צו זיך מיט פאַרבאָרגענעם וועה
פון עפּעס א שמוציג־געוואָרענעם שניי...

און ווידער זי לעגט זיך אוועק און זי ליגט,
די הענד אויפ׳ן הארצען, די ליפּען פאַרדריקט:
מיר פאָהרען און שווייגען ווי פרעמדע די נאַכט,
עס גיט ווער אנ׳עפּען א ברעם און פאַרמאַכט...

# נאר.

האָב איך זיך אליין ניט אָפּגענאַרט
אין מיטען נאַכט?
גלעקלאַך, מיידלאַך, קאַלטען וויין
זיך אויסגעטראַכט.

ווען וועט עס איינפאַלען
בא נאַכט אליין
מיך אין וועג באַגעגענען
זיך לאָזען געהן?

גלעקלאַך קלינגען? יע, איך זעה
א בויד ניט ווייט, —
מיר אַנטקעגען קומען אָן
ציגיינער־לייט...

## העי, ציגיינער!

העי ציגיינער, העי ציגיינער,
לאָמיר בייטען פערד;
טייער, ביליג — נאָך אַ רובעל
האָט ביי מיר קיין ווערט.

זעהט, איך בין אויף פערד קיין מבין,
נארט נאָר מיך ניט אָב;
נאָ'ט אייך נאָך אַ גאַנצען לעבעל
ווייסען ברויט צוגאָב.

איהר האָט פערד טאַבונען גאַנצע,
איך — האָב איינעם נאָר, —
איז ער מיעד, שוין צוגעשטאַנען:
אַזאַ צייט איך פאָהר.

העי ציגיינער, שאָטענס קומען,
שטאַרקער ווערט די קעלט. —
טייער, ביליג — נאָך אַ רובעל
איז באַ מיר קיין געלט...

# אָבגעגאַרט.

עס האָבען אָפּגעגאַרט מיך די ציגיינער,
א פערד א קראַנקען מיר געגעבען,
א פערד א בלינדען — זאָגט דאָס האַרץ מיר:
ער וועט ביז מאָרגען ניט דערלעבען.

איך שלאָג איהם מיט א גרויסען שטעקען,
און ער ווי גאָרנישט, — שטעהט געבויגען.
גיט וועך ניט ווען דעם קאָפּ א טרייסעל,
א פינטעל מיט די בלינדע אויגען.

בין מיעד פון שלאָגען. שטעה איך, וואַרט איך.
אזוי ווי ער דעם קאָפּ געבויגען...
און ער— מיר דוכט, ער קרימט די ליפּען
און גלאָצט אויף מיר מיט זיינע אויגען...

# רויטע טראָפּען.

וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?
שוין ווידער איז נאכט.
מיין אונגליק — ער שטעהט זיך
מיט אויגען פארמאכט.

פון מויל רויטע טראָפּען
זיי רינען אראָפּ...
איך טראָג איהם צו האָבער,
ער ריהרט ניט דעם קאָפּ.

איך הייב אויף דעם שטעקען
און גיב א געשריי:
און טראָפּען נאָך טראָפּען
זיי פאלען אין שניי...

# אין בלוט מיינע הענט.

שטיל. האלבע נאכט. אויפ׳ן הימעל קיין שטערען.
איך שטעה אויפ׳ן וועג שוין פון שטונדען.
איך האב אויפ׳ן פערד שוין דעם שטעקען צובראָכען,
צושניטען די פעל איהם אויף וואונדען.

אויף יעטוויעדן קלאפ אויף די מאָגערעביינער
דערטראָגט זיך אנ׳אָפּקלאנג פון ווייטען...
און פּלוצלינג האָט עמיץ דעם פערד אומגעוואָרפען,
אויף איהם זיך ארויפגעזעצט רייטען.

א שטאנג אויסגעריסען האָב איך פון דעם שליטען,
געשלאָגען דעם פערד אין די זייטען, —
ביז וואנען א טויטער געבליבען איז יענער,
וואָס האָט זיך געזעצט אויף איהם רייטען...

## איך בין דאָ.

טויט און שטיל.
שעה נאָך שעה.
ווער איז דאָ?
איך בין דאָ...

אויפ'ן וועג
אין דער מיט
איז ווער טויט?
קיינער ניט...

רויט דער שניי.
איך בין ווייס.
מיינע הענט —
שטיקער אייז...

וועל איך מיר
לאָזען געהן,
געהן צו פוס
און אליין...

קומט ווער אָן?
קיינער ניט:
פאַלשער קלאַנג,
פאַלשע טריט...

טויט און שטיל.
שעה נאָך שעה.
איז ווער דאָ? —
איך בין דאָ...

# אַ קוש.

טרעטענדיג אין טיעפען שניי
איז אַ שלאָף באַפאַלען מיך,
ווי אַ קישען האָט דער שניי
מיך אַ ציה געטאָן צו זיך.

זיך אַ נייג האָב איך געטאָן
און געשטעלט זיך אויף דער קניה,
נאָך אַמאָל האָט מיך דער שניי
פאר די הענט געטאָן אַ ציה.

זיך אוועקגעלעגט האָב איך
מיט אַנ'אָפּגעדעקט געזיכט,
האָט אַ לויכט געטאָן אויף מיר
אַזאַ שטראַהלענדיגע ליכט.

זיך אַ הויב האָב איך געטאָן
און געזאָגט: אַ גוטע נאַכט...
האָט אַ קוש געטאָן מיך ווער
און די אויגען מיר פאַרמאַכט...

# אויפ'ן וואַסער.

אויפ'ן וואסער — זונען גלאַנץ,
אויפ'ן שיף — געטראַנק און טאַנץ,
מיידלאַך דרעהען זיך אין פּאָר,
דאָס איז גאָר און דאָס איז גאָר.

גלעזער קלינגען צו צום טאַנץ,
אויגען שטראַהלען אָפּ דעם גלאַנץ,
און געזיכטער — וואסער קלאָר,
דאָס איז גאָר און דאָס איז גאָר.

נאָך א גלאָז און נאָך אַטרונק,
נאָך א מיידעל, נאָך א שפּרונג.
אַזאַ רייזע אויף א שעה,
אָט געווען און אָט ניטאָ...

## ים-געשטאַלטען.

לאָמיר שטעהן, קיין הויכען וואָרט
און דעם אָטעם איינגעהאַלטען;
זעהסט אין וואסער דאָ און דאָרט
שווימען — זינקען ים־געשטאַלטען.

זעהסט, דער וואסער מיט אמאָל
מיט א נעבעל ווערט פארצויגען, —
הערסט א טיעפען אָפּגרונד־קול,
גיב דיין האנד, פארמאַך די אויגען,

שפאר דיין קאָפּ אָן צו מיין הארץ
און דעם אָטעם איינגעהאַלטען...
נאכט איז שוין, דער הימעל שווארץ,
שווארצער נאָך די ים־געשטאַלטען...

# פארשפעטיגט.

מיר האָבען שוין פון בארג אראָבגענידערט,
מיר פאָהרען שוין צוריק אויף מעהר ניט קומען;
די נאַכט האָט אונז מיט ציטערדיגע אָרעמס,
ווי קליינע קינדער היים ארומגענומען.

מיר ווארפען אונזער לעצטען בליק פון ווייטען
אין נעבעל, וואו עס ווערט דער בארג צושוואומען,
און דוכט: ס'איז איינער אויפ'ן ברעג געבליבען,
ער האָט פארבלאָנדזשעט און פארשפעטיגט קומען.

גלעזער קלינגען ווידער, מיידלאך טאנצען
גוף צו גוף געדריקט — ארומגענומען,
איך נאָר שטעה ביים זייט און הער פון ווייטען
די שטים פון איינזאמען, וואס האָט פארשפעטיגט קומען...

## איך האָב געזעהן...

איך האָב געזעהן: אַ מענש האָט זיך געטרונקען,
נאָך הילף געצויגען זיינע הענט;
איך האָב געזעהן: דער מענש איז שוין געזונקען,
געזעהן — און שרייען ניט געקענט.

איך האָב געקוקט. עס דרעהען זיך די אינדען
אין ברייטע קרייזען איין און אויס;
צולויפען זיך די קרייזען און פאַרשווינדען,
דער ים ווערט גלאַט און שטיל דורכאויס.

ערשט נאָכדעם, קוקענדיג אין וואַסער אין דעם שטילען,
דערזעהן האָב איך מיין פנים גרוי, —
האָב עפּעס שוועררערם נאָך פון טויט גענומען פיהלען
און „ראַטעוועט!” געגעבען אַ געשריי...

# נאָדלען.

קיינער היט ניט מיין צוקאָפּענס,
נאָר דער טרויעריגער ווינד;
קראַנק בין איך און קען ניט שלאָפען. —
מיינע אויגען זענען בלינד.

זעהען זעה איך, נאָר גאָר אַנדערש:
בליקען טויזענד איבער מיר;
בין איך טויב, נאָר הערען הער איך:
צוגעשלאָסען ווערט די טיר.

שטרעק איך אויס די הענט אין לופטען,
לאָזען זיך די הענט אַראָב;
ליפּען קושען מיך — ווי נאָדעל
שטעכט מיר יעדער האָר פון קאָפּ.

# געפאנגען.

האָב ניט געוואָלט אין הויז צו דיר היינט קומען,
איך בין אזוי פארבייגעגאנגען,
האָט זיך די טיר אליין פון זיך געעפענט
און גלייך פארמאכט און מיך געפאנגען.

געווען איז נאכט, געזאָגט האָב איך: גוט מאָרגען,
אָן זיך אליין זיך אָבגעשלאָגען,
האָב ניט געהאט די הענד וואו צו באהאלטען,
און ניט געוואוסט וואָס ווייטער זאָגען.

א פרעהליכע ביסטו ארוים אנקעגען
און מיר א שטול געבראכט צו טראָגען,
בין איך, צומישט, צוריק ארויסגעלאָפען,
א גוטע נאכט פארגעסען זאָגען...

# לעבערליד.

לעבערליך און שעמעוודיג
שטעה איך לעבען דיר;
הייסט מיר זיצען — זעץ איך זיך,
גיב זיך ניט קיין ריהר.

הייסט מיר עסען — פאָלג איך דיר,
ווערג זיך שטילערהייט,
שנייד פון גרוים צומישעניש
מיט'ן גאָפּעל ברויט.

שטרעקסטו אוים די הענט צו מיר,
פינגער — ווייס און דין,
מיין איך, אז דו זעגענסט זיך —
גולם וואָס איך בין!

## ליג דיין קאָפּ...

ליג דיין קאָפּ אויף מיינע קניה,
גוט אזוי צו ליגען,
קינדער שלאָפען איין אליין,
גרויסע דאַרף מען וויעגען.

קינדער האָבען שפּילעכלאך,
שפּילען ווען זיי ווילען;
גרויסע שפּילען נאָר מיט זיך,
מוזען אייביג שפּילען.

האָב ניט מורא, איך בין דאָ,
וועל דיך ניט פאַרשטויסען, —
האָסט געגוג געוויינט שוין היינט,
ווי עס פּאַסט א גרויסען.

אָנגעוויינט און אָנגעקלאָגט,
איך וועל דיך פאַרוויגען;
ליג דיין קאָפּ אויף מיינע קניה, —
גוט אזוי צו ליגען...

## מען דאַרף ניט קיין פייער.

מען דאַרף ניט קיין פייער — פאַרלעש איהם,
עס איז אין דער פינסטער אונז בעסער;
און זעהסטו איך ציטער — ניט שרעק זיך,
איך שפּיעל זיך אזוי מיט'ן מעסער.

איך ציטער אזוי זיך, — איך ווייס ניט
פאַר זיך צי פאַר דיר, צי פאַר ביידען,
איך שרעק מיך מיט דיר זיך צו טרעפען
און נאָך מעהר — מיט דיר זיך צו שיידען.

מען דאַרף ניט קיין פייער — פאַרלעש איהם,
איך בין שוין געקומען — פאַרפאַלען!
פאַרבויג זיך צום פענסטער און קוק ניט:
איך בין צו די פיס דיר געפאַלען...

## און איצט צינד אָן פייער.

און איצט מעג זיין ליכטיג —
מיין קאָפּ איז ניט אויביג געבויגען,
איך קוק דיר שוין גלייך אין די אויגען —
און איצט מעג זיין ליכטיג.

דורך אָפּענע אויגען
ארויס וועט דער אוגרוה פוןביידען,
און שטילקייט צו שטילקייט וועט ריידען
דורך אָפּענע אויגען.

און איצט צינד אָן פייער,
און מעהר ניט די טירען פארשליסען,
זאָל יעדערער קומען און וויסען —
און איצט צינד אָן פייער...

## איבער גאַסען.

איבער גאַסען, איבער דעכער
דרעהען קלאַנגען זיך אַרום,
ווי פאַריאָגטע וואָגעל־פויגלען
הין און הער צודולט און קרום,
ווערען בייז און שיטען קללות,
ווערען הייזעריג און שטום.

פון דער גאַס בין איך אַנטלאָפֿן —
האָב איך ניט וואוהין צו געהן;
פֿאַר די שכנים האָב איך מורא,
און נאָך מעהר — פֿאַר זיך אַליין.
הער איך עמיצער צולאַכט זיך
דריקט עס מיך ווי אַ געוויין...

אַלע טירען — צוגערינגעלט,
אַלע טויערען — פֿאַררוקט,
דאָך איז עמיצער בע'גנב'עט,
דאָך איז עמיצער פֿאַרצוקט;
אַלע אויגען צוגעשלאָסען,
דאָך איז איינער דאָ, וואָס קוקט...

צינד איך פֿייער אָן און לייג זיך
און די טיר פֿאַרשליס איך ניט —
היינט צי מאָרגען וועט דער איינער
לאָזען הערען זיינע טריט;
זאָלען זיינע טריט זיין ליכטיג
און פון שטרויכלונג אויסגעהיט.

# נאכט און רעגען.

נאכט און רעגען. אלע חיות
שלאָפען שוין אין שטייג,
נאָר דער פלינקער אויכענהאָרן
שפרינגט פון צווייג צו צווייג.

ליידיג אלע בענק אוןביידליך,
אלע וועגען — נאַס;
קומען זוכען א באַהעלטונג,
היימלאָזע פון גאַס.

זעצט זיך איינער אויף א בענקעל
און פון פנים — גיסט,
זיינע הענט — זיי האָבען נאָר וואָס
זיך געשאַרט אין מיסט.

קוקען ערגעץ ווי דורך גראַטען
זיינע אויגען טויט,
און פון בוזים אויף די גראָזען
פאַלט — א שטיקעל ברויט...

נאכט און טרויער. פון די בוימער
שיט א רעגען־שטויב,
און פון שלאָף מיט גוואלדען פלוצלונג
גיט א שפרונג דער לייב...

## ווי אין חלום.

געה איך זיך אין מיטען נאכט,
דרעה זיך צווישען מויערען —
ניט איך זוך און ניט איך טראכט,
וויל קיין זאך באדויערען.

גאסען איין און גאסען אויס,
וויפיעל, וועלכע ארט מיך ניט —
ניט איך געה צו וועמענ׳ס הויז,
קיינער אויך ערווארט מיך ניט.

דאָ — א טויער, דאָ — א שוועל,
ווייטער, ווייטער געה איך זיך,
אלץ ארום מיין אייגען זעעל,
ווי אין חלום דרעה איך זיך.

# אין ווייסער נאַכט.

אין ווייסער נאַכט איז איינגעהילט בראָדוויי,
און אַלע רעסטאָראַנען זענען פול און אַלע טעאַטערען,
דורך אַלערליי קאָלירטע טאַנצענדיגע שטערען
פון אויבען פאַלט דער ערשטער ווינטערדיגער שניי.

די נאַכט ערשט פאַנגט זיך אָן. פון גאַסען אַלערליי
די אַטאָ־רעדער איינס נאָך איינס מיט שנעלקייט זיך פארקערען.
דו געהסט — אַזוי ווי אין דער לופט געטראָגען וואָלסטו ווערען
אויף אויסגעשטרעקטע דאַמען־הענט, אויף זייד־געניי.

פון אויסשטעלונג צו אויסשטעלונג, פאַרבלענדט פון שיין,
דו ווייסט ניט וואו זיך אָבשטעלען און וואו אריין,
און וועלכע פון די שענסטע פרויען וואַרטען אויף דיין קומען...

דו ווייסט — אין די האָטעלען ערגעץ איינע מוז דאָרט זיין,
וואָס וואַרט אויף דיר, נאָר דו טרעפסט קיינמאָל ניט וואו אויס,
וואו איין
אַנ׳אַנדערער דיין פּלאַץ האָט שוין פון שטונדען לאַנג פארנומען...

# אויף די פייערען.

אויף די פייערען אין לופט די טאנצענדיגע קוק איך,
און די אויגען מיינע —
ווערען ווי די פייערען אין לופט די טאנצענדיגע.

וואס איז מיר געבליבען מעהר פון רוישענדיגען טאג,
אז ניט די אויגען מיינע? —
הענט און פיס זיי זיינען טויט פון רוישענדיגען טאג.

הענט און פיס זיי הענגען אויפ׳ן שטול זיך וויגענדיגע,
נאר די אויגען מיינע —
לאזען זיך אליין אוועק ווייט, ווייט פון׳ם שטול דעם וויגענדיגען.

ווי עס לויפען איבער שטערען אין געדיכטער פינסטערניש —
די אויגען מיינע —
צו די ווייטע פייערען שניידען זיי זיך דורך דער פינסטערניש.

לאנג שוין האבען מיך פארוויגט די פייערען די טאנצענדיגע,
נאר די אויגען מיינע
ברענען ערגעץ וואו נאך מיט די פייערען די טאנצענדיגע...

# א י י ז ע ר נ ע.

אנ׳אייזערנער מענש אויף אנ׳אייזערנעם פערד.
און ביידע געבויגען די קעפּ צו דער ערד.
זיי שטעהען זיך ביידע אזוי זאלבעצווייט
פון אלע פיער זייט פארצאמט מיט א קייט.

פון ווייטען די זיילען פון ברוקלינער בריק,
עס לויפען אום באהנען אהין און צוריק,
און מאסענווייז מענשען — מען געהט און מען געהט
ארום און פארביי דער פיערעקיגער קייט...

ווערט פינסטער און שפּעט. שטעהט א וועכטער און היט,
אמאל היט ער יע, און אמאל היט ער ניט;
דער מענש מיט׳ן פערד, איינגעשמידטע אין קייט,
זיי שטעהען זיך רוהיג און שטיל זאלבעצווייט...

# העסטער.

דער נעבעל ער הענגט א געדיכטער,
געדיכטער צוזאמענגעפרעסטער;
עס פלאטערט ארום מיין נשמה
ארום די לאמטערנען פון העסטער.

געלאָדען מיט מענשען איז העסטער,
מיט גאסיגע קראָמען און וועגען,
אין שיין פון די אווענד־לאמטערנען
זיי קומט מיין נשמה אנקעגען.

זי דרעהט זיך ארום אלע קראָמען,
זי לאָזט זיך אריבער די דעכער,
פארבלאָנדזיעט אין נעבעל אין בלינדען
צום הימעל אלץ העכער און העכער.

נאָר קאלט איז, ניט היימליך דער הימעל,
נאָך קעלטער צוזאמענגעפרעסטער;
פארלאָרענערהייט מיין נשמה
זי זוכט די לאמטערנען פון העסטער...

# שאָטענס.

שאָטענס פון די גאַסען כאַפּען זיך אַרויף אויף אַלע טרעפּ,
ליגען זיך אויף אַלע שוועלען.
ווערען אָנגעצונדען רייכערדיגע פלעמלאַך וואו ניט וואו,
מעהר דעם גאַנג נאָך צו פאַרשטעלען.

הייבען אָן צו קומען פון דער ארבייט יונג און אַלט,
געהען קוים די פיס זיי ריהרען;
טרעפּ נאָך טרעפּ, אַרויף־אַרויף, די שליסלען אין די הענט —
עפענען — פאַרמאַכען טירען.

דורך די שפּאַלטען פון די דילען שפּאַרט אַ ריח פון געקעכץ,
זאַטע פייערען זיך צינדען.
עפענען זיך טירען ווידער. פיס נאָך פיס אַראָב — אַרויף,
גרינגע, נייע — און פאַרשווינדען...

# אין קאַפע.

זיצען מענשען גרופּענווייס, ריידען, עסען, טרינקען טיי,
איינער עסט פון יוצא וועגען, און דער צווייטער עסט פאַר צוויי;
גיט זיך ווער אַ כאַפּ און שטעלט זיך — לאָזט אַ צווייטער זיך אַראָב,
ווער עס שטעלט אוים ביידע אויגען, ווער עס שאָקעלט מיט'ן קאָפּ;
ווער די אויגען וויל באַהאַלטען און צוגלאָצט זיי גלאַט אַזוי,
ווערען עהנליך אַלע אויגען — אויסגעגלאָצטע אויגען צוויי...

קלאַפּען טעלער, גאָפּעל, לעפּעל. קלאַפּערייען גלאַט אַזוי;
איינער רעדט פון יוצא וועגען, און דער צווייטער רעדט פאַר צוויי;
איינער — מיט'ן גאַנצען קערפּער און אַ צווייטער — מיט די הענד,
ווער עס הערט מיט גרויס כונה אויף די פּויסטען אָנגעלענט.
פּלוצלונג איינער זיך צוגענעצט און צולאַכט זיך גלאַט אַזוי,
ווערען פּנים'ער פאַרשוואונדען — קוקען אויגען טעמפּע צוויי...

פּאַפּיראָסען און סיגאַרען, און די לופט ווערט פול מיט רויך.
קאַלטע פינגער אָבגעלעבטע, אויסגעצויגענע און בלויך,
שפּרייטען, ציהען זיך פּאַמעלאַך אין דער לופט פון וואַנט צו וואַנט,
פייכטען קלעפּעדיגען שימעל שיט די אָבגעלעבטע האַנד, —
טויטע ווערטער, נאַקעט-הוילע, שיטען זיך פון יעדענס מויל,
ווערטער טויזענד מאָל געראַדטע, שוין צוואָוועריטע און פויל...

פון די פענסטער ווייסע שטראַהלען ווערען איינגעזאַפּט אין רויך.
עפּעס איינזאַמעס געפאַלען מיט אַ קלאַפּ איז פון דער הויך,
אויפ'ן דיל זיך אויסגעצויגען — טרעט עס יעדער מיט די פיס...
אַלע האָבען ערגעץ הייזער — זיצען דאָך ביי פרעמדען טיש...
איינער נאָר אין פראַק, דער קעלנער, האַלט דעם קאָפּ געהויבען הויך,
שטעהט פאַר זיך אַליין באַזונדער, ווערט ניט אויסגעמישט אין רויך..

# טונעל.

היטעלאך אלערליי פארביגע,
בלוזעם — פארשיעדענער שניט,
זאקען צום לייב אנגעצויגענע
ציטערען אויף מיין געמיטה.

אין מיינע אויגען פארטונקעלטע
לויפט דורך א ליכטיגע פרייד,
ווען נאר א מיידעל אנקעגען מיר
דעקט אויף דעם ברעג פון איהר קלייד.

טראגט מיך דער צוג דער עלעקטרישער
טיעף פון טונעל צו טונעל, —
ביז עס ווערט ווידער פארלאשען וואו
מיין אויפגעלויכטענע זעל...

# דער טאָג איז שוין פאַרגאַנגען.

דער טאָג איז שוין פאַרגאַנגען,
און דו ביסט נאָך ניטאָ;
איך וויקעל מיך אין שאָטענס
פון אווענדיגער שעה.

מען צינדט אין הייזער פייער,
איך צינד קיין פייער ניט,
זאָל זינקען אין דער פינסטער
דער הויך פון דיינע טריט.

איך גיי דיר ניט אנקעגען,
איך שטיי ניט ביי דער שוועל;
די אווענדיגע שטילקייט
זי דרעמלט אין מיין זעל.

און וועסטו יא שוין קומען,
גיי ווייטער ניט פון שוועל, —
די אווענדיגע שטילקייט
ניט וועק אויף אין מיין זעל.

# אַרבייט זוכען...

אַרבייט זוכען זענען מיר געגאַנגען
האַלטענדיג זיךביידע פאַר די הענט.
פינסטער נאָך. די שטאָדט האָט זיך געשלאָפען,
גאַסען־לאָמפּען האָבען זיך געברענט.

האָבען מיר געקוקט מיט ביידע אויגען,
און אין פיעלע טירען זיך געקלאַפּט,
האָבען זיך שוין אַנדערע געפּעדערט
און פאַר זיך די אַרבייט אויסגעכאַפּט.

זענען מיר אַהיים צוריק געגאַנגען,
און אין הויז צו קומען זיך געשעמט,
האָבען מיר געוואַנדערט איבער גאַסען
האַלטענדיג זיך ביידע פאַר די הענט.

# אונגליק היט אונז.

איך ווייס: עס וועט אנ'אומגליק טרעפען
מיט אלעמען, מיט מיר;
אין גאס, אין שאפ דער אונגליק היט אונז,
ער ליגט ביי אונזער טיר.

עס וועט אנ'על זיך איבערקערען,
וועט איינפאלען א בריק;
וועט דער, וואס האט דעם על פארשפעטיגט
זיין אויסער זיך פון גליק.

וועט פרעהליך זיין נאר יענע רגע,
פארגעסען גלייך דאס גליק:
עס קען זיך יעדער על צוברעכען,
קען פלאצען יעדער בריק...

# פרעמדע.

קום ארונטער אין קעלער
צום פלאַמיגען וויין,
און לאָמיר, ווי פרעמדע
פארפרעמדעטע זיין.

ביי טישלאַך זיך זעצען
אליין פון דער ווייט,
און ווארפען אַ קוק ווען
אזוי פון דער זייט.

פון וויין אַ דערפרעהטע
דו גיסט מיך אַ רוף,
פון וויין אַ דערפרעהטער
פון אָרט שפּרינג איך אויף.

איך געה צו, פארנויג זיך,
דו שטרעקסט אוים דיין האנד,
איך זאָג דיר מיין נאָמען —
פאַר דיר ניט באַקאַנט.

עס לויפט דורך דיין פּנים,
דעם זייד פון דיין קלייד —
צושאָטענע פונקען —
אַ פרייד נאָך אַ פרייד.

מיר זיינען באַטרונקען
פון וויין און פון פרייד,
און פּלוצלונג מיר הערען
מען רעדט אויף אונז רייד:

— די קינדער געלאָזען
אליין ערגעץ זיין,
פאר מאן־און־ווייב פּאַסט דען
זיין שכור פון וויין?...

פאַרביי אונזער אויער
פאַרקעהרען די רייד;
אלץ פאַרביגער געהט אויף
אויף אונז אונזער פרייד.

מיר האָבען זיך קיינמאָל
ביז איצט ניט געקענט,
און פרעמדע, מיר דריקען
דערנעהנטערטע הענט.

עס שוימט אין דער לופטען
דער זייד פון דיין קלייד;
עס דרעהט זיך, עס דרעהט זיך
די פאַרביגע פרייד....

# אַ שטילע חתונה.

כלי זמר שפּיעלען אַ קאַדריל —
געהט ניט קיינער טאַנצען;
ווי געשטאַנען איז דער וויין
שטעהט ער נאָך אינגאַנצען.

טרינקט שוין ווער אַ גלעזעל אויס
קען ער זיך ניט שטעלען;
די וואָס קענען טרינקען פיעל
אויף דער שמחה פעהלען.

כלי זמר שפּיעלען אַ קאַדריל
און זיי ווערען שטיל.

מחותנים שעמען זיך
איינער פאַר'ן צווייטען:
ווייסען ניט מיט וואָס דעם טיש
און פאַר ווּעמען גרייטען.

פּלוצלונג שטעלט זיך איינער אויף:
— וואָס איז זיך צו שעמען?
זאָלען אַלע ווער ס'איז דאָ
אין אַ שער זיך נעהמען...

פּרובען כלי זמר טאָן אַ שפּיעל
און — זיי בלייבען שטיל...

חתן־כלה שטאַרקען זיך
צווישען זיך צו ריידען;
בלייבט דאָך עפּעס ניט דערזאָגט
אויפ'ן צונג ביי ביידען.

לויפט זיי דורך אַ ציטערניש,
שטעלען זיך אַנידער:
— זאָלען אַלע ווער ס'איז דאָ
טאַנצען נעהמען ווידער!...

טוען כלי זמר נאָך אַ שפּיעל
און — זיי בלייבען שטיל...

האָבען זיך די צוויי דריי געסט
איילען אָנגעפאַנגען,
איינס און צוויי צוזעגענט זיך
און אַוועקגעגאַנגען.

גאַנץ געבליבען איז די פיש
אין געצעהלטע פאַנען,
שטעהט דער וויין אין פלאַשען זיך
ווי ער איז געשטאַנען...

כלי זמר שפּיעלען לעצטען שפּיעל
און — זיי ווערען שטיל...

## צווישען מצבות.

מען שלאָפט אונטער בערגלאך,
צוקאָפּענס — מלאכים פון שטיין,
איך האָב דאָ ניט קיינעם.
אזוי זיך געקומען צו געהן.

מיין טאָג איז פארגאנגען —
איך ווייס ניט וואוהין און ניט וואו;
ווי יעדער מצבה
איך היל זיך אין ווייסען און רוה...

## שטיל-געוויין.

ווילסט זאָל פאַלען אויף דיין פּנים
ציטעריגער שיין —
גנב'ע אָב זיך, קום אין אָוועגד
אין מיין הויז אַריין.

איך וועל עפּעס דיר דערצעהלען
ביי דעם שיין פון ליכט,
ביז איך וועל באַמערקען טרערען,
צער אויף דיין געזיכט.

וועל איך מיר איינשוויגען ווערען
און דיך לאָזען געהן
דורך די איינגעוויגטע גאַסען
מיט דיין שטיל-געוויין...

## גרויסע, גרויסע...

גרויסע, גרויסע ווערען מיינע אויגען,
איך אַליין — אַלץ שווערער;
אין דער פינסטער קוקען מיינע אויגען,
זעה איך מעהרער, מעהרער...

שווערע וואָלקענס? ניט קיין שווערע וואָלקענס, —
עפּעס שווערער, שווערער,
קלאָהרע שטערען? ניט קיין קלאָהרע שטערען —
עפּעס קלערער, קלערער...

# אַהער-אַהין.

מיר געהען טרינקען וויין, די נאַכט אין טענץ פאַרברענגען,
אין אונבאַקאַנטע גאַסען לאָזען מיר זיך ווייט,
און ווער מיר זענען, וואָס — פאַרבאָרגען מיר פון פרעמדע לייט,
אויף אונזער מויל, אַזוי ווי אויף דער טיר, אַ שלאָס וואָלט הענגען.

ביז גרויסען טאָג... און פּלוצלונג הויבען מיר זיך אָן באַדענקען
און לאָזען איבער אַלץ און אַלעמען אין רעכטער צייט,
און שטילערהייט פון זאַל ארויס מיר גנב'ענען זיך אָן דער זייט,
ווי קינדער אין דער פרעמד נאָך זייער היים וואָס בענקען.

אָט זיינען מיר שוין ביי דער היים. שוין אָבגעשלאָסען,
די שטולען, טישען, וויים אין שיין באַגאָסען,
זיי שטעהען זיך ווי אַלעמאָל מיט שטויב באַצויגען דין ;

די פרייד, וואָס אונזער הארץ האָט פאַר דער נאַכט גענאָסען,
אַ ציה גיט אונז צוריק, — מיט ליפּען פעסט געשלאָסען
מיר זעצען זיך אין שטול אריין און וויגען זיך אַהער אַהין,
אַהער אַהין.

# מיין אונרוה געהט מיר נאָך.

מיין אונרוה געהט מיר נאָך.
און מיינע פים — אזוי ווי מיט א שטריק פארצווינגען ;
געשטאלטען דרעהען זיך פאר מיינע אויגען —
מיין אונרוה געהט מיר נאָך...

איך נאר אליין זיך אָב,
איך נעם פון איין גאס היילען אין א צווייטער —
היילט אויך, פארלויפט אפריהער מיין באגלייטער —
איך נאר אליין זיך אָב.

איך זעה וואָס קיינער זעהט —
און לויפען וויל איך ווייט פון די געשטאלטען
און טיעף פארגראָבען זיך און זיך באהאלטען —
איך זעה וואָס קיינער זעהט...

# אַנ'אויסגעטראַכטער.

און פלוצלונג זעה: ס'איז גאָר ניט דו,
א טעות נאָר,
ניט דיינע הענט, ניט דיין געזיכט —
א פרעמדענס גאָר.

און וואָס דו זעהסט, און וואָס דו טוסט —
א פאַלשער שפּיעל;
אנ'אויסגעטראַכטער וואַנדעלסט אום
אָהן וועג, אָהן ציעל.

דער אמת'ער איז ערגעץ ווייט,
איז איינגעדרעהט,
איז איינגעשרויפט אין זיך אליין
ווי אין א קייט...

ער שלעפּט זיך ערגעץ נאָך דער קייט,
געהט טריט ביי טריט...
און וואו? ביז ווען? ניט ער, ניט ווער —
ווייס קיינער ניט...

# פּאָרטרעטען און שטולען און שפּיגלען.

פּאָרטרעטען און שטולען און שפּיגלען
פאַרשווינדען אין רויך,
פּאָרטרעטען און שטולען און שפּיגלען,
און איך אַליין — אויך.

אַ ביסעל נאָך זעה איך מיין אויסזעהן
אין שפּיגעל צושווימט;
אַ ביסעל נאָך זעה איך מיין אויסזעהן,
צודרעהט און צוקרימט.

באַשערט מיר אויף זיך אַליין קוקען
מיט עקעל און גרויל:
די אויגען מיט טרערען פאַרלאָפען,
מיט שמייכעל — דער מויל...

# דיין דראָהענדיגע האַנד.

אין וועלכער גאַס איך קום
באַקאַנט צי אונבאַקאַנט, —
געהט טראָט ביי טראָט מיר נאָך
דיין דראָהענדיגע האַנד.

אָט בלייב איך פּלוצלינג שטעהן
און גיב אַ קער דעם קאָפּ:
דיין דראָהענדיגע האַנד
איך זעה זי פּאַלט אַראָב.

ווי זאָל איך געהן צוריק
ווי זאָל איך ווייטער געהן? —
אָהן דיר, מיין בייזער גאָט,
בין איך אַליין, אַליין...

# אַ פּרוי.

די טירען צוגעמאכט, אראָבגעלאָזט די שטאָרען,
דעם זייגער אָנגעשטעלט, דעם פייער אויסגעדרעהט,
און אין דער פינסטערניש נאָך לאנג געשמועסט שטילערהייט,
און זאָגענדיג אַ גוטע נאכט איינשלאָפענע געוואָרען.

און פּלוצלונג טו איך זיך אַ כאַפּ פון שלאָף פארלאָרען, —
ווער ליגט עס לעבען מיר ביים זייט די האָר צושפּרייט,
און ווי אַ צלם ביידע הענט פארוואָרפען אין דער ברייט,
און זעהט אוים פרעמד אזוי, דערווייטערט און פארפראָרען ?...

איך שפּרינג אראָב פון בעט, איך גלויב ניט זיך אליין :
איך צינד אָן פייער — יע : אַ פרוי, אַ יונג אַ שעהן, —
ווי קומט אהער אַ פרוי, פון וואנען און דורך וועמען ?

און מיט אמאָל זאָגט ווער ארוים מיין נאָמען דורך די ציין,
און עפּעס נאָהנטעס, טיפעס הויב איך אָן פארשטעהן —
אַ האנד אַ ווארימע האָט אָנגעריהרט מיר ביי די ברעמען...

## נידעריגער.

אויף מיין פנים נעמען זיך באַווייזען
לאַנג באַזייגטע ליידען,
ווען איך וויל נאָר עפענען די ליפּען
עפּעס וואָס צו ריידען.

ווי אַ בליץ לויפט דורך אַ ציטער
איבער מיינע ברעמען.
הויבט מיין קול אַליין מיך אָן צו שרעקען,
מיך אַליין פאַרשעמען...

דאָס געזאָגטע וואָרט נעמט אויף מיין האַרצען
ווי אַ שטיין זיך לייגען,
נידעריגער, נידעריגער צו דער ערד צו
זינקען מיינע אויגען...

# קום צוגעהן.

האָב אויסגעפּוצט מיין צימער ריין,
און ליכט האָב איך געקויפט,
געפלאָכטענע אין צווייען.
דער טאָג פאַרגעהט, דער טאָג אנטלויפט,
פאַרבלייבען מיר אין צווייען.

עס ברענען רויט די ווייסע ליכט,
דער טיש איז קלאָר באַצויגען ;
ווערט רויט און ווייס זיין דיין געזיכט
און פייערדיג — די אויגען ;
ווערסט זיצען געגען מיין געזיכט
מיט פייערדיגע אויגען...

עס וועט אין גאַס פאַרביי ווער געהן
און קוקען מיט א וואונדער :
מיר זיינען נאָהנט און דאָך אליין,
ווי וועלטען צוויי באַזונדער, —
ער וועט אוועק. מיט אונז אליין
געשעהען וועט א וואונדער...

פאַרלעשען זיך דערווייל די ליכט
און ווערען ווערט אונז גרינגער ;
וועל דריקען דיך צו מיין געזיכט
מיט ציטערדיגע פינגער ;
וועל דריקען זיך צו דיין געזיכט
און קושען דיינע פינגער...

# קאַלטע רוה.

קאַלטע שטראַלען ציהען זיך פון שויב,
גיסען אָן מיין הארץ מיט קאַלטע רוה,
גליקליך זיין איז גוט און ניט זיין — אויך,
בעסער נאָך פון אַלץ — מיין קאַלטע רוה.

אויפ'ן שפּיגעל שפּילט אַ ווייסער האָז,
קלאַפּט אַ ווינטעל אין די פענסטער צו,
ציהט אַ רויך זיך פון מיין פּאַפּיראָס,
ווערט דער רויך פאַרפאַלען ערגעץ וואו...

צעהלט פאַר זיך דער זייגערעל: טיק־טאַק,
ניט פאַר מיר — איך צעהל ניט די מינוט,
וואָהל דעם גליקליכען, דעם אונגליקליכען אויך,
מיר נאָך מעהר פון אַלעמען איז גוט...

# וואַרט אויף מיר.

וואַרט אויף מיר אין ערגעץ וואו ניט איז,
קענסט זיך שטעלען ביי א פרעמדער טיר ;
געהענדיג פון הויז צו הויז וועל איך
טרעפען שוין וואו וואַרטען וועסט אויף מיר.

אלע הייזער זענען פאַר אונז גלייך,
אלע טירען עפענען זיך ברייט :
וואו מיר זאָלען ניט אַריין — אַ באַנס
וועלען מיר געפינען אָנגעגרויט...

# די בוימער שטעהען נאַקעטע.

די בוימער שטעהען נאַקעטע, דעם ברייטען וועג
פון לערען פּאַרק אַ נעבעל האָט פאַרהאַנגען,
און ווייט אין רויך אין ווייסען איז די זון פאַרגאַנגען,
אַלץ פינסטערער דער הימעל ווערט פון ברעג צו ברעג.

אין לערען פּאַרק פאַרברענג איך שוין פיעלע טעג —
מיך ארט דער זומער ניט, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען:
אין שאָרך פון געלע בלעטער הער איך נאָהנטע קלאַנגען —
פאַרפיהרען זיי מיך ווייטער, טיעפער אַלץ פון שטעג צו שטעג.

איך געה — איך דאַרף צו קיינעם דאָך ניט קומען,
צו וואָס דער שאָרך, דער קלאַנג? אין שווייגען דורכגענומען
איך האַלט אָב מיינע טריט און לאָז דעם קאָפּ אַראָב;

די נעבלען ווערען מיט אַמאָל צוזייט, צושוואומען,
אַ ליכטיגע לבנה איז ארויסגעקומען —
און גוט איז מיר צו שטעהן מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קאָפּ.

# אילוזיאָנען.

די שעה זאָל די בייזע ניט קומען —
פאַרנאַריש איך זיך און די וועלט,
און מיט אַ פאַרפראָסטיגטער גלעזעל
די אויגען האָב איך מיר פאַרשטעלט.

פאַרלאָרען דעם גרענעץ פון זאַכען,
צומישט זייער פאַרב און קאָליר;
געזיכטער און שטימען און אויגען —
נאָר אילוזיאָנען פאַר מיר.

איך וויל טראַכט איך אוים פאַר זיי נעמען,
אין בלוט און אין פליש טו זיי אָן;
און זיך טו איך אוים פון מיין נאָמען,
אליין ווער איך — —אילוזיאָן...

## צוצויגענער קלאַנג.

כ'האָב ליעב די פיער ווענט פון מיין הויז,
פון פענסטער דעם ווייסען גאַרדין,
אין וויעג־שטוהל פון ברוינליכען האָלץ
איך וויעג מיך אהער און אהין.

צוויי פישלאך — זיי שווימען זיך אום,
אין ווינקעל — א הילצערנע קראָה;
איך וויעג מיך און ציה אין דער שטיל:
— די מיטענדערנאַכטיגע שעה...

די וועלט און די הויז און די נאַכט,
זיי זיינען פאראַן און ניטאָ...
כ'האָב ליעב דעם צוצויגענעם קלאַנג:
— די מיטענדערנאַכטיגע שעה...

## פייער.

און פּלוצלונג אזוי ווי איך זיץ,
איך ווייס ניט פון וואַנען — עס ברענט.
די ווייסע גאַרדינען, דער טיש,
דער וויעג־שטוהל און אַלע פיער ווענט.

עס קנוילט זיך אַ פלאַמיגער שלאַנג,
צושפּרייט זיך און נעהמט זיך צונויף...
געוויינען, געשרייען: עס ברענט —
דערטראָגען צו מיר זיך פון הויף.

איך זיץ מיר אין ברענענדען שטול,
און וויעג מיך אַהער און אַהין,
עס פאַלט אויף מיין קאָפּ, אויף מיין האַרץ
דער אַש פון'ם ווייסען גאַרדין...

# אַראָב און אַרויף.

אַראָב און אַרויף,
אַראָב און אַרויף
וואַנדערט מיין זעעל
איינע אַליין,
יונג — און אַזוי שוין פאַרעלטערט
אַלט — און אַזוי ניט געדולדיג.

יאָהרען,
און אפשר שוין צענדליגע יאָהרען,
איך ווארט אויף איין איינציגער רגע.
און ווען וועט זי קומען
די איינציגע רגע,
די לעצטע?...

ד אָ ר ט בין איך לאַנג שוין געוועזען,
ד אָ בין איך אויך שוין געוועזען
מיט יאָהרען צוריק,
און אפשר נאָך היינט...
געה איך אוועק
און קום ווידער...
ד אָ ר ט האָב איך גאָרניט פאַרלאָרען,
ד אָ האָב איך גאָר ניט געפונען...

שטילער,
מיין הארץ האָט א פולע געשריען
און — גאָרנישט...
שווייגען? —
מיין הארץ האָט א פולע געשוויגען
און — גאָר נישט...

## עס לעשט זיך:

עס לעשט זיך, עס לעשט זיך
אַ ליכט נאָך אַ ליכט;
דער הימעל — אַזוי ווי
אַ בלינדער געזיכט.

עס ציהט זיך, עס ציהט זיך
אַ רעגען ווי פעך,
און שיט ווי מיט שטיינדלאך,
מיט שטיינדלאך אויף בלעך.

און איינער אין רעגען
געהט אום איבער הויף,
פארגעהט זיך אין יאָמער;
און איך — שטעה ניט אויף...

# זי וויינט.

זי וויינט, און איך — איך בין פאראייזט, פארפראָרען,
איך לעז ביז ענדע דורך דעם בריעף פון טויט.
אָט האָב איך איהם פארמאכט, אָט ווידער אויסגעשפרייט
און קוק, זי האָט זיך ניט א קאָמא וואו פארלאָרען...

און האָבען האָט איין מוטער אונז געבאָרען,
נאָר מיך פון אייגענע האָט עמיץ אָבגעשיידט;
און זעה: ביז וואנען צו מיין אויג א טרער דערגעהט
איז זי אין וועג פארגליווערט שוין געוואָרען...

זי וויינט. זי האָט א נייע קלייד גענומען טראָגען,
נאָר שטארקער איז איהר טרויער און איהר קלאָגען —
זי זעצט זיך אויפ׳ן דיל, פארגעסט זיך אויפ׳ן קלייד;

די נאכט זי געהט, פארשווינדט, אָט הויבט שוין אָן צו טאָגען,
און איך—לעז ווידער דורך דעם בריף און הער, דוכט, איינעם זאָגען:
— דו זעהסט, ווי קונציג איז דער „טית" פון טויט פארדרעהט...

# איך בין אַ צוויי-געשטאַלטיגער.

איך בין אַ צוויי געשטאַלטיגער און אַ פאַרקעהרטער,
איך בין אַ טיעף־פאַרדאָרבענער פון טאָג און טעג,
און קיינער זעהט ווי קרום עס איז דער וועג
פון מיינע טריט, פון מיינע ניט דערזאָגטע ווערטער...

איך וויים: דער צווייטער איז אין מיר אַן אויסגעקלערטע
אַ הינט, וואָס יאָגט נאָך מיר אַליין זיך אין געיעג;
מיר דוכט זיך אָפט: ער איז מיין איינציגער פאַרמעג,
ער איז מיין האַר, מיין פיהרער, מיין באַשערטער...

זאָל זיין אַזוי. די מענשען זעהען סיי ווי ניט,
און איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט צו קרומע טריט,
וועל איך מיר שוין אַ צוגעוואָהנטער ווייטער אַזוי לעבען;

נאָר גלויבען גלויב איך דאָך, אַז גאָט, וואָס היט
דעם צדיק'ס וועג, וועט אויך זיין געטליכען געמיטה
ניט אָבקעהרען פון מיר, דעם רשע, און — פאַרגעבען...

# אַ זעהונג.

אין דער נאַכט איך זעה אַ זעהונג:
איבער גאַס און איבער מויער
אין אַ ווייסען פייער־וואָגען
יאָגט צו מיר דער גאָט פון טרויער.

שטעלט אַוועק זיך מיר צוקאָפּענס
האַלט אין האַנד אַ ליכט געצונדען;
בענשט מיך: זיי פון היינט און אויביג
אין פאַרגאַנגליכקייט פאַרשוואונדען.

אין געפאַלענקייט פאַרלאָרען,
אין דערנידערונג פאַרלאָזען;
אָט איך ריהר דיר אָן די ברעמען
און זיי ווערען צוגעשלאָסען.

ווי איך ליג אַ שלאָפענדיגער,
נעמט ער אויף די הענט מיך טראָגען
איבער קאָפּ אַ צוגעדעקטען
צו זיין פייערדיגען וואָגען...

## אויסגעגאַנגען אַלע ליכט.

דורך די שויבען קוקט זיך דורך
אַ פאַרעלטערטער געזיכט,
ווי אַ שאָטען טאַנצט עס אום
מיט די צאַנקענדיגע ליכט.

בלאָנדע האָר און זענען גראָה,
אין די אויגען קאַלטער שיין,
און די ליפּען אויפגעפרעסט, —
זאָל עס דען אַליין איך זיין?

טעג און נעכט איך וואַרט אויף דיר,
דאַרף דאָך ווען אַ ענדע זיין, —
זעה, די ליכט זיי געהען אויס,
קום פאַרעלטערטער, אַריין.

דורך די שויבען קוקט זיך דורך
אַ געשטאָרבענער געזיכט...
אויסגעגאַנגען אַלע ליכט,
אַלע צאַנקענדיגע ליכט...

# שפּעטער...

א וואַזע לאַנג און דין ווי א שוואַנען־האַלז,
און אין דער וואַזע האַלב צודאַרטע בלעטער; —
איך קוק אויף דעם, און פּלוצלונג, דוכט זיך מיר, איך זאָג
ניט ווּיסענדיג אַליין צו וועמען: שפּעטער, שפּעטער...

אין שטוב איז שטיל, דער פייער וויעגט זיך קוים,
איך לעז פאַרשריבענע פּאַפּירען, לעז און בלעטער,
מיין מויל פאַרמאַכט, און וויעדער דוכט זיך מיר, איך זאָג
ניט ווּיסענדיג אַליין צו וועמען: שפּעטער, שפּעטער...

דערהער איך מיט אַמאָל: מען גראָבט א גרוב,
און מיט א האַמער וועלען צוגענעגעלט ברעטער;
איך ליעג שוין אויף דער ערד אַרומגעשטעלט מיט ליכט,
און מיינע ליפּען בעטען אַלץ און בעטען: שפּעטער, שפּעטער...

# ביים ראַנד.

איך צינד אָן געשטאָרבענע פייערען,
איך — מוטיגער שטאַרבענדער נאַר;
דורך טרויער דורך מיינעם און אייערען
איך קום צו צום ראַנד פון געפאַהר.

איך קום, און דער שיין דער פאַרגאַנגענער
פון אבענד ער לויכט אויף מיין קאָפּ,
ער דעקט אָב מיין זעעל דער פאַרהאַנגענער,
לאָזט ווידער דעם פאָרהאַנג אראָב.

איך שטעה און איך וואַרט, א דערוויטערטער
פון זיך און פון אייך, ווען דער טויט
דורך טרויער ווי איך אַ געלייטערטער
וועט געבען אַ צייכען: זיי גרייט.

איך גלויב אין מיין טויט דעם באַזונדערען,
איך מייד ניט דעם ראַנד פון געפאַהר; —
וואָס קומט איהר ניט נעהנטער באַוואונדערען
דעם מוט פון'ם שטאַרבענדען נאַר?

# צוריסען די פעדים.

צוריסען די פעדים וואָס בינדען צונויף,
צולאָפען מיר זיינען פון אייגענעם הויף,
צוזאַמענזיכקומען מיר קענען ניט מעהר —
וואָס קומסטו אהער?

האָט איינער דעם צווייטען געטריבען פון שוועל,
געקוקט מיט פאַראַכטונג דעם צווייטען אין זעל,
די איינזאַמקייט האָט אונז פאַרדאָרבען נאָך מעהר —
וואָס קומסטו אהער?

און דער, וואָס האָט אויסלייזען אונז צוגעזאָגט —
ווער ווייס וואו ער נעכטיגט, ווער ווייס וואו ער טאָגט;
ער ווערט אַליץ פאַרגעסען, דערווייטערט נאָך מעהר —
ער קומט ניט אהער...

# וואָס וועט עס זיין פון דיר. . .

(פראַגמענט)

. . . וואָס וועט עס זיין פון דיר, אייביגער אונגליק דו מיינער?
ביז וואַנען אַזוי ווי אַ בליי אויף דער ערד וועסטו ליגען,
ביז וואַנען אין זינלאָזען טרויער זיך רוה וועסטו זוכען,
דיין טאָגיגען לעבען אין פינסטערניש וועסטו פאַרוויעגען?...

דיין טרויער ער האָט דיך ביז היינטיגען טאָג נאָך צו קיינעם
דערנעהנטערט.
צו קיינעם דערנעהנטערט, פון זיך — ניט דערווייטערט, צו מיר
ניט דערהויבען;
דו וואכסט איבער זיך, און דיין אויג איז דאָס אויג פון אַ בלינדען,
דיין געשריי איבער זיך — פון אַ שטומען, דיין געהער פון אַ טויבען.

צו וואָס איז געגליכען דיין לעבען אויב ניט צו א שאָטען,
וואָס ווערט אינ'ם שיין פון פארנאכט אין דער ווייט אויסגעצויגען,
אזוי ווייט, אזוי גרויס ביז עס ווערט פון איהם גאָר נישט מיט
גאָר נישט,
אפילו דעם שיין וואָס פארגעהט פארפעהלען צו זעהן דיינע אויגען...

די נאכט האָט די לענג פון דיין שאָטען אין גאנצען פארנומען,
דיין לעבען עס האָט אַלע גרענעצען, ליניען פארלאָרען; —
און געה מיט אַן אויג וואָס איז בלינד דיינע גרענעצען זוכען,
געה רוף מיט א צונג וואָס איז שטום דיינע טעג און פארלאָרענע
יאָהרען !...

און צו וואָס איז דאָס רופען ? צי וועט דאָס צוריק אומגעקעהרטע
באַליכטיגען מעהרער דיין טאָג וואָס וועט אָבשטארבען מאָרגען ?
צי וועסטו אין אָבשיין פון דיינע געפונענע וואונשען
באשטראַלען מיט פארביגקייט מעהר דיינע וואָכיגע זאָרגען ?...

# אונזער פאַרלאָרענער נאָמען. . .

מענשען מיר פרעמדע און ווייטע
ווערען אין אונגליק מיר נאָהנט;
אונזער פאַרלאָרענער נאָמען
ווערט נאָר אין אונגליק דערמאָנט.

פיהרען אונז צעהנדליגער וועגען
ביז צום איין־איינציגען וועג,
פיהרען אונז צעהנדליגער שיפען
ביז צום איין־איינציגען ברעג.

דאָרט ביי דעם איינציגען אָפּשטעל
וואַרט שוין דער פיינד און ער היט,
צייכענט פאַרבאָרגענע צייכענס,
רעכענט און צעהלט אונז די טריט...

ביז צום דערוויטערטען שטערען
טוט אונזער אויג זיך א הויב, —
אונזער באַגלייטענדער שטערען
ליגט שוין מיט אונז אויך אין שטויב...

ווי א פאַרצוקענדער פויגעל
פלאַטערט אַרויף און אַראָפּ
אונזער געשטאָרבענער נאָמען,
דרעהט זיך אַרום אונזער קאָפּ...

# דער סוף פון דער וועלט.

ביי דעם שוועל פון מיין הויז איז דער סוף פון דער וועלט.
טרעט איך אָב פונ׳ם שוועל בין איך טויט,
אַזוי איך, אַזוי דו און די זון וואָס פאַרגעהט,
טוט אַ שיין אין אַ שויב און פאַרגעהט.

האָט אַ פייער פון גאָט אָנגעצונדען די וועלט,
ניט פאַרברענט נאָר קען ווערען מיין הויז,
ווייל פאַרשלאָסען אין מיינע געטרייע פיער ווענט
געה איך קיינמאָל פון טיר ניט אַרויס.

טוט דער פייער זיך קנוילען אַרום און אַרום,
נאָר ער האָט ניט פון וואַנען אַריין:
פון איין ווינקעל צום ווינקעל אַליין געה איך אום
אַ באַשטראַהלטער מיט פלאַמיגען שיין.

און אַז לאַנגווייליג ווערט מיר דאָס אומגעהן הין־הער
און די רויטקייט פון פלאַמיגען שיין —
אַלע פענסטער פאַרהענג איך פון אויבען אראָב
מיט אַ רוהיגען האַרץ שלאָף איך איין...

אַז איך כאַפּ זיך פון שלאָף אויף דערזעה איך: שוין אוים,
אַלע מענשען און לענדער פאַרברענט,
איין און איינציגער איך בין פאַרבליבען — מיט מיר
מיינע גוטע געטרייע פיער ווענט.

איך צועפען דאַן ברייט אַלע פענסטער, די טיר
און איך לאָז אויף דער וועלט זיך אַוועק:
איין פאַנאַנדערגעבלאָזענער גרוי־אַש פאַרדעקט
אַלע לענדער פון עק ביז'ן עק.

געה איך אום און איך וויים ניט צו וואָס געה איך אום,
ביז איך נעהם מיט די אייגענע הענט
און לעג אונטער אַ פונק און צינד אונטער אליין
מיין גוטע געטרייע פיער ווענט.

שטעה און קוק ווי עס פאַלען אַ וואַנד נאָך אַ וואַנד,
עס פאַרלעשט זיך דער איינציגער שיין;
אַ באַפרייטער פון אַלץ, אַן ערלייזטער פון אַלץ
אויף דער אַשיגער ערד שלאָף איך איין...

## ניט אַהין —

נים צים קריעג, צום געשלעג
ניט צום מענשען־געיעג, —
ניט אהין פיהרט מיין וועג,
ניט אהין פיהרט מיין וועג.

מיט טראָמפּייט ניט באגלייט,
אָן א זייט, שטילערהייט,
פיהרט מיין וועג מיך צום טויט,
צו מיין אייגענעם טויט.

באַרג ארויף, באַרג אראָב,
ווער איך מיעד, שטעל זיך אָב, —
פאַלט ארונטער מיין קאָפּ,
פאַלט ארונטער קיין קאָפּ.

טוט מיין קאָפּ זיך אַ הייב,
זעה איך: פֿינסטער פֿון שטויב
פֿיהרט דער קריעגער זיין רויב,
פֿיהרט דער קריעגער זיין רויב...

אַן אַרמיי ווי איין מאַן,
און די פֿערד אין געשפּאַן,
איינס נאָך איינס אין געשפּאַן,
איינס נאָך איינס אין געשפּאַן.

מיט אַמאָל ווערט דער שווערד
און דער מאַן און דער פֿערד
אויסגעמישט מיט דער ערד,
מיט דער שטויביגער ערד...

כ'טו אַ מאַך מיט מיין האַנד
אויף דעם בלוטיגען לאַנד:
— ניט מיין רוהם, ניט מיין שאַנד,
ניט מיין רוהם, ניט מיין שאַנד...

און איך לאָז מיך אַוועק
מיט'ן זייטיגען וועג
צו פֿאַרענדען די טעג,
מיינע איינזאַמע טעג...

# ערגעץ.

וועגען געלאָדען מיט ביקסען, קאַנאָנען און קוילען;
מענשען מיט אויגען פאַרשטויבטע מאַרשירען אין רייהען;
שטיל די מוזיק און געזאַנגען, מען הערט קיין באַפעהלען;
נאָר ווייטע פאַרבאָרגענע ערגעץ, פאַרשטיקטע געשרייען...

מען זעהט ניט קיין פיהרער פאָראויס; אַלע פיהרער זיי זיינען
פאַרלאָרען געגאַנגען אין שלאַכט פון די טיעפע טראַנשעען.
געפיהרט פון דער פינסטערער נאַכט אין די דרעמלענדע אויגען
מאַרשירען אין ערגעץ אַליין די פאַרשטויבטע אַרמעען.

שעה איין און שעה אוים אָהן אַנ'אָבשטעל, די פערד ווי די מענשען,
געדולדיגע, מיעדע, זיי שלעפּען די משא פאַר צווייען,
די גלאַנציגע אויגען האַלב־אָפען פאַרלאָפען מיט טרערען.
זיי געהען אַהין וואו עס געהען די שטומע אַרמעען...

די נאַכט ווערט אַלץ קלערער און העלער, דער טאָג קומט אַנטקעגען,
אַלץ נעהנטער עס ווערען די ווייטע פאַרשטיקטע געשרייען...
עס האָט זיך אין מזרח די זון נאָך קיין האַלבע באַוויזען,
שוין ליגען אין גריבער פאַרשאָטען די שטומע אַרמעען...

# טויט און בלוט און פייער.

א פארלארענער ארום מיין הויז, א ניט געוואגטער
דרעהסט זיך אום ;
זעץ ארוים די שויבען, ברעך ארוים א טיר
און — קום.

דיינע שטאמלענדיגע ווערטער אויפ'ן ווינד
צוטרייב,
שנייד זיך איין מיט דיינע אנגעשארפטע נעגעל
אין מיין לייב.

ציה דעם שווערד ארוים, אויב דיינע נעגעל זיינען טעמפ
און — שנייד ; —
טויט און בלוט און פייער... ביז'ן לעצטען אונגליק
לייד...

# פארביי אַ טיעפער גרוב.

פארביי א טיעפער גרוב בין איך געגאנגען,
זיך אָבגעשטעלט און איינגעבויגט דעם קאָפּ;
צוויי הענט האָב איך דערזעהן אין טיעפען אָבגרונד
זיי הייבען זיך, זיי לאָזען זיך אראָב.

דערשרעק איך זיך און טו א שפרונג אויף הינטער,
די הענט נאָך מיר, ווי ווייסע שלאנגען צוויי;
איך לויף פון זיי און וואָס איך לויף אלץ שנעלער
דערנעהנטער איך נאָך מעהרער זיך צו זיי.

א רגע — און זיי האָבען מיך געפאנגען,
ארומגעכאפּט, אריינגעשלעפּט אין גרוב...
און פּלוצלינג, זעה: ניטאָ קיין הענט, קיין שלאנגען, —
א גאס, א שטוב, א גאניק פון א שטוב...

# וואונדערליך.

מיין שטוב איז פול מיט אונבאַקאַנטע מענשען,
און איינגעטונקט אין צויבערליכען ליכט,
און קיינער ווייס ניט ווי מען רופט דעם צווייטען,
און שעמעוודיג איז יעדערענס געזיכט.

צוזעצען אַלע זיך ביים טיש און זיצען
און נעהמען זיך צום שטראַלענדיגען וויין;
און מיך, דעם באַלעבאָס פון הויז, באמערקט ניט קיינער
ווי שטיל און פרעמד איך בין אין שטוב אריין.

קומט אָן דערנאָך מיין פרוי, באמערקט מיך אויך ניט,
ווי אַלע געסט איז זי פון מיר אויך ווייט.
און מיר ווערט עפּעס גוט צו זיין אַ פרעמדער,
ביי זיך אין הויז צו קוקען פון דער זייט...

און ביסלעכווייז דער וויין ווערט אויסגעטרונקען —
צולעגען אַלע זיך און שלאָפען איין,
פאַרנעמען אַלע בעטען, בענק און שטולען,
און מיר — ביז טאָג נאָר וואַכענדיג צו זיין...

איך לעג מיך אויף דער ערד אַוועק און טראַכט מיר:
— ווי וואונדערליך דער מאָרגען וועט נאָך זיין...
און אויפ'ן הארטען שוועל דעם קאָפּ פאַרוואַרפען
אַ וואַרטענדיגער רוהיג שלאָף איך איין...

## די געזונקענע שיף.

איך זעה א באשרייבונג אין צייטונג, א בילד:
„די געזונקענע שיף."
איך לייג אַן א זייט אָפּ די צייטונג, פארגעס
די געזונקענע שיף.

אין טומעל פון טאָג גיט א בליץ מיר אין קאָפּ ווען ניט ווען
די געזונקענע שיף, —
דערהער איך סיגנאַלען — זיי שיקט פונ'ם אָפּגרונד צו מיר
די געזונקענע שיף.

אין מיטענדערנאכט, ווען איך שלאָף, נעהמט זיך וואקלען מיין הויז
ווי א זינקענדע שיף,
איך שריי דורכ'ן שלאָף: ווי קען ווערען א הויז אויף דער ערד
ווי א זינקענדע שיף? —

נאָר ווער וועט דערהערען די קולות פון איינעם וואָס שטאַרבט
אין א זינקענדער שיף, —
אַז איך אַליין גלויב ניט, אַז איך בין דער איינער וואָס שטאַרבט
אויף א זינקענדער שיף.

און פּלוצלונג דערהער איך סיגנאַלען פון ים־גרונד, מיך רופט
די געזונקענע שיף;
איך הער אויף צו שרייען, איך ווייס שוין: די ערד איז א ים,
און מיין הויז —
א געזונקענע שיף...

# א י י ב י ג.

(פראַגמענט.)

אַ פרייד האָט זיך אין הארצען מיר צוגאָסען
דערזעהענדיג די טויטע אויסגעוויינטע אויגען,
אַ פרייד נאָך מעהר וואָס איך בין ביי אַ וואַנד געשטאַנען
און ניט געהאַט אַוואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען;
דערנאָך האָב איך זיך פאר מיין פרייד גענומען שעמען,
געוואָלט אין ערגעץ וואו זיך לאָזען שפּאַנען, —
— נאָר אויסגעלייגט מיט מענשען איז די ערד געוועזען —
בין איך שוין שטעהן געבליבען ווי איך בין געשטאַנען;
איך האָב דעם פּנים נאָר צום וואַנד אַ דרעה געגעבען
און האָב צו זיך געזאָגט:
— איינזאַם בין איך, איינזאַם איז מיין לעבען, —
אייביג...

די צייט איז זיך געגאַנגען שטיל און לאַנגזאַם,
און אַלע קראַנקע, מיעדע זיינען איינגעשלאָפען, —
איז לייכטער מיין געמיט אין מיר געוואָרען
און פריי פון עפּעס וואָס אויף עמיצען צו האָפען;
איך האָב צוריק אַ דרעה געטון דעם פּנים,
געקוקט ווי אַלע אָטעמען און ליגען, —
איז מיר דער שלאָף מיט קאַלטע הענד באַפאַלען
אין אַלע זייטען מיך גענומען וויעגען, וויעגען.
אָט הויב איך אויף דעם קאָפּ און בויג צוריק איהם איין
און מורמעל ווי אין חלום:
— איינזאַם בין איך, איינזאַם וועל איך זיין,
אייביג...

איך האָב געדרעמעלט שטעהענדיג, און יעדער רגע
האָט עמיץ מיך געריסען פאר די אויגען ;
איז גרויס אויף מיר און גרעסער נאָך מיין קאָפּ געוואָרען,
ווי שטריקלעך שטייף די שלייפען אָנגעצויגען.
איך האָב פון ווינקעל זיך אַ ריס געגעבען פּלוצלינג
און איבער קעפּ און הענט גענומען שפּאַנען,
און טרעטענדיג אויף קעפּ איז מיר ערשט קלאָהר געוואָרען :
איך מוז זיך שטעלען ווידער, וואו איך בין געשטאַנען,
איך האָב צום ווינקעל זיך אַ דרעה צוריק געגעבען
און דורך די ציין געזאָגט :
— איינזאַם בין איך, איינזאַם איז מיין לעבען —
אייביג...

דער טאָג האָט זיך גענומען גרויען, ווערען העלער ;
איך גיב אַ הויב דעם קאָפּ, איך זעה אַ וואונדער :
עס זענען אַלע לאַנג פון שלאָף שוין אויפגעשטאַנען,
אַוועק, און מיך אליין געלאָזט באַזונדער...
די מזרח־שטראַלען צינדען זיך אַלץ רויטער,
נאָר בלייכער איז דער מעריב זייט אַנקעגען ;
און מיט אַמאָל ווערט אַלץ מיר קלאָהר, איך לייג אַוועק זיך
דער קאָפּ אַראָב, אַזוי ווי איך בין ביז אַהער געלעגען,
אַ דורכגעליכטיגטער, מיט שטאַרבענדיגע ליפּען
ביים לעצטען אָטעם זאָג איך :
— איינזאַם בין איך, איינזאַם איז מיין לעבען,
אייביג...

# רעגענבויגען.

איבער מיר גערט אויף א רעגענבויגען, —
דער טייך, וואס פיהרט צו מיין געהיימען לאנד;
דעם זעגעל אויף מיין שיף האב איך שוין אנגעצויגען,
האב וועסלעס זיעבענפארביגע אין האנד.

דער וועג אהין שטראלט דורך דורך מיינע אויגען,
און בויגיג איז דער ארעם פון מיין האנד;
נאך איידער עס פארגעהט דער רעגענבויגען
דערגרייך איך צו די ברעגען פון מיין לאנד.

פארגאנגען איז שוין לאנג דער רעגענבויגען,
איך וואַרף אוועק די וועסלעס פון מיין האנד,
מיט זיעבען טוידטע פארבען אין די אויגען
געפאנגען ליעג איך אין מיין אייגען-לאנד...

# אינהאַלט

## 1. ערגעץ וויט.

זייטע

זייטע



2. הינטער׳ן שלאָס.

זייטע



## 3. אין שניי.

זייטע



4. לעכערליך און שעמעוודיג.

5. ביים ראַנד.

זייטע